# פּראָלאָג

ס׳לעבען באַשטעהט נאָר פון ליעבע און גלויבען ;
דער וועלכער האָט זיין אמונה
אָדער זיין ליעבע באַגראָבען —
געהט אויף דער וועלט ווי אַ בר־מנן אום נאָר...

ס׳אַרבייטען פלייסיג די חושים ווי תמיד,
טהעטיג זיך ריהרען די גליעדער —
טויט אָבער איז די נשמה,
און די ספּרוזשינעס פון האַרצען — געבראָכען...

ס׳מינטערט נאָך אפשר דער כח הדמיון,
ס׳קיצעלט פיליכט דער זכרון ;
פון די פאַרלאָשענע קויהלען
פלאַקערען פונקען אַרוים אויף אַ רגע —

ס'איז אָבער נאָר ווי די גוסס־באַוועגונג,
פון אַ צובראָכענעם זייגער,
וועלכער פון טרייסלען צוריהרט זיך —
דרעהט זיך אַ ווײלע און שטעלט זיך אָפּ ווידער...



# דער גבול

מעגסט טויזענד לאַנגע טעג און נעכט
זיך גראָבען און זיך גריבלען אין דיין זינען,
די האַנד וואָס טרייבט דיך ווי אַ בלינדען קנעכט —
זי וועסטו מיט דיין פאָרשען ניט געפינען.

שווים דורך פון עק צו עק דעם ענגען טייך,
קען יעדע וועל, קען יעדען זאַמד און שטיינדעל,
ווער מלך אין דיין מילבען־קעניגרייך,
און פון דיין חכמה שמיד זיך אויס אַ קריינדעל —

דאָך רונד אַרום דיר איז אַ פעלזען־ברעג
און קיינמאָל וועט דיין פוס דיך דאָרט ניט ברינגען,
דאָרט רוישט דער וואַלד וואו ס׳איז ניטאָ קיין שטעג,
וואו קיינמאָל וועט דיין קליינע אויג ניט דרינגען...

1909

# פון ליפּ צו ליפּ

ליפּ אויס דיין בעכער און ענדיג דעם טראַנק,
אונ גיך גיב דעם כוס צו אַ'ן אַנדערן;
פון ליפּ צו ליפּ און פון מויל צו מויל,
זאָל אייביג דאָס ווײַן־געפעס וואַנדערן...

צי האָט עס דיר גיפט אין דיין הערצען געלאָזט,
און דו ביזט אין פּיין פון דער גסיסה?
צי האָט עס אַ דורשט אין דיין גומען צוּברענט,
און דו שמאַכטעסט נאָך די טראַנקען די זיסע?

עס פרעגט דיך ניט מעהר און עס קימערט זיך ניט —
דו האָסט שוין דיין חלק געקריגען,
דאַן ווײַן אָדער לאַך, דאַן בענש אָדער פלוּך
דעם נעכטיגען טאָג'ס פאַרגעניגען...

דרום זופּ פון דיין בעכער און ענדיג דעם טראַנק,
אוּן גיך גיב דעם כוס צו אַ'ן אַנדערן,
פון מויל צו מויל און פון ליפּ צו ליפּ,
זאָל אייביג דאָס וויין־געפעס וואַנדערן...

1909

# שוין ווידער ניחא

---

אַלץ איז ניחא מיר געוועזען,
אין די יאָהרען פון דער יוגענד,
מיט דעם תרוץ פון אמונה,
האָט מיין מוח זיך באַגנוגענט...

איצט איז ווידער אַלץ מיר ניחא,
כ׳גלויב ניט מעהר און פרעג ניט שאלות,
כ׳זוך ניט מעהר אין לעבען פעהלערס,
און ערוואַרט ניט מעהר קיין מעלות...

1904



# שכל במקום גאָט

נאַר זיך און נאַר די גאַנצע וועלט;
מיט דיין איראָניע - שמייכעל,
באַריהם זיך אַז דו דאַרפסט ניט גאָט —
דיר קלעקט דיין בלויזער שכל...

דאָך זאָג מיר פריינד, ווען ס'קומט די נאַכט,
און דו ביזט דאַן ביחידות,
און שטיל און פינסטער איז אַרום,
און ס'הערין דיינס קראַנק און מיעד איז —

ווען ס'שטעלט די מרה - שחורה זיך
אַוועק ביי דיר צוקאָפּענס,
און ס'פּערלען קאַלט אויף דיין געזיכט,
פון יאוש - שוויים די טראָפּענס —

ווען ס'גלאַנצט מיט פּוסטע אויג - ליבער,
דער טויט פון אַלע עקען,
און ס'בלאָנדזשעט דיין נשמה דורך,
אַ מדבר פול מיט שרעקען —

זאָג, פריינד, צי קומט דיין קלאָרער זינן,
אַ טרייסט דיר דאַן צו שאַפען?
צו העלפט דיר דאַן דיין במקום־גאָט
וואָס דו זיך האָסט באַשאַפען?...

צי ליגט ניט ד אַ מ אַ ל ס ווי אַ טרוס,
זיך קאָרצענדיג אין דרייען,
דיין ש כ ל - ג ב ו ר ה, וואָס ביי טאָג
שטאָלצירט מיט זיין כלי־זיין?...

1905



# פערלאָרענע אמונות

אוואו איז דער ברונען פון יוגענד,
וואָס פלעגט זיך ניט אויסשעפּען טרוקען ?—
ווען, קוים פלעגט איין אָפּגאָט פאַרשווינדען,
שוין פלעג איך צום צווייטען זיך בוקען ?

באַלד פלעג איך צו נאַכט־אויגען גליהען,
באַלד קניען צו אויגען־סאַפירען,
באַלד פלעגען מיך וועלדער און וואָלקענס,
באַלד קוואַלען און שטראַהלען פאַרפיהרען...

און האָב איך מיין גלויבען אין אויגען,
מיין אָפּגאָט פון ליעבע פאַרלאָרען,
און זיינען די בערג און די פעלדער,
— מיר וואָכעדיג־נמאס געוואָרען —

אידאָל איז די מענשהייט געוואָרען,
אוּן צוקונפט — דער הייליגער גלויבען,
ביז גיפטיגע קאַלטע ערפאַהרונג,
דאָס לעצטע געקומען איז רויבען...

איז איצטער דער שפּיעל שוין געענדיגט,
ניט מעהר קיין אמונה געבליבען? —
זאָג פריינד מיר, געפינט זיך ניט ערגעץ
אַ'ן אָפּגאָט צו גלויבען אוּן ליעבען?...

1905

# גאָט-זוכענים

---

צינד אָן אַ טויזענד פּאַקעלען,
אוּן זוך אוּן זיפּ ;
רוּף ביז דיין קול ווערט הייזעריג,
אוּן בלאָ דיין ליפּ —

אוּמזיסט, אוּמזיסט...
דער רוים איז וויסט.

צום הימעל קוקסטו ? אָרעמער !
ער איז באַנקראָט...
דיַ שטערען צעהלסטו ? וועסט דאָרט ניט
דערזעהן דיין גאָט...

ניט מיה זיך מעהר,
דאָך הער מיך, הער : —

דיין האַנד וואָס טאַפּט אין פינסטערניס
דאָס איז  ז י י ן  האַנד,
דער פאַקעל וואָס דו זוכסט מיט איהם
דאָס איז  ז י י ן  בראַנד...

און מיט זיין שטים
בלויז, רופּסטו איהם...

ע ר  איז דער צווייפעל, ווען דו טרינקסט
דעם ספק'ס גאַל,
און  ע ר — דאָס אויג, וואָס שמאַכטענדיג
שפּיאָנט נאָך אַ שטראַהל...

דיין גאָט־ב אַ ג ע ה ר
אָט  ד אָ ס  איז  ע ר...

1910



# אַ לעבענס-שיפעל

מיט זעגלען לוסטיג אויסגעשפּרייט,
מיט קאָמפּאַס ריכטיג אָנגעשטעלט,
אַ לעבענס־שיפעל איז אַרויס,
אין ים־אוקינוס פון דער וועלט...

געלאַכט צום בלאָען הימעל האָט,
פון האָפענונג דער שטאָלצער מאַסט,
און שווער אַראָפּגעוואויגען האָט,
די רייכע אידעאַלען ־ לאַסט...

דאַן האָט דער שטורעם זיך צושפּיעלט,
דער הימעל האָט זיך שוואַרץ געהילט,
דער ים מיט ווילדען גרימצאָרען,
האָט אויף דאָס שיפעל בייז געברילט...

ביז קרעכצענדיג און קראַכענדיג,
דער הויכער מאַסט געפאַלען איז,
ביז אַלע זעגעלן האָט צופליקט,
דער שד פון ווינד און פינסטערניש...

געראַנגעלט האָט דאָס שיפעל זיך,
און ס'פאָדערט אַלץ דער ים־שד מעהר:
„גיב שיפעל דיין פאַרמעגען מיר,
„די אוצרות דיינע גיב אַהער..."

און ס'שיפעלע, זיך דינגענדיג,
האָט נאָכאַנאַנד דעם ים געצאָהלט,
האָט ביסלעכווייז אַוועקגעשענקט
דעם תהום, איהר שאַץ פון גאָלד...

און ווען עס האָט ניט מעהר געהאַט —
אָהן מאַסט, אָהן זעגעל, אָרעם, לעער,
צושמעטערט האָט דער שטורעם עס,
און איינגעשלונגען האָט דאָס מעער...

1906



# וויל און מוז

איך האָב געהויבען וואָלקען־הויך מיין שטאָלצען קאָפּ,
און האָב זיך גאוה׳דיג גערעכענט פאַר אַ גאָט,
איך בין געשטאַנען אין דעם שיקזאַל׳ס ווירבעל־ווינד,
אַ רוהיג פעסטער אַקס אין שטורעמדיגען ראַד...

איך בין געוועזען א י ב ע ר יענעם נויטה־געזעץ,
וואָס קעניגט מיט געוואַלט אויף הימעל און אויף ערד,
וואָס טרייבט די זונן מיט פייער־בייטשען דורך איהר קרייז,
און אויף דעם הימעל׳ס צירק יאָגט אום די שטערען־פערד;

וואָס דריקט אויף יעדען קליינעם פעדימעל פון גראָז,
און איז דעם טויזענד־יאָהר׳גען צעדערבוים׳ס טיראַן,
וואָס שליינגעלט זיך אין בליץ, און ברילט אין דונער־קנאַל,
וואָס פליסט אין טראָפּען טהוי, און שטראָמט אין אָקעאַן..

דען א י ך — איך א י י נ ע ר צווישען זיי געווען בין פריי,
גע מ ו ז ט אַרום האָט אַלצדינג, א י ך בלויז האָב
גע ו ו ע ל ט,
גע ש ע ה ן אַרום איז אַלצדינג, א י ך בלויז האָב
גע ט ה אָ ן —
איך בין געווען אַליין דער מושל פון מיין וועלט..

און כ'האָב געריהמט מיין פ ר י י ה י י ט, פרייע מאַכט
פון „איך",
ביז אויפגעעפענט האָט זיך מיין פאַרבלענדטער בליק,
און כ'האָב דערזעהן אַרום די פיסלעך פון מיין טהראָן,
זיך פלעכטענדיג פאַרבאָרגען, יענע סאַמע שטריק,

וואָס בינדען זאַמד און גראָז, און בוים, און באַרג, און טייך...
און א י ך—א קליין פיגירכעל אין דעם וויסטען שפּיעל—
טאַנץ אום, געצויגען פון דער זעלבער בלינדער קייט,
וואָס אומעטום איז מ ו ז, און איך רוף כלומרשט ו ו י ל...

1907



# און איך אליין

אָפּט פרעג איך: אין דער תפיסה וואו איך שמאַכט —
און ציטער דאָך צו ווערען פריי געמאַכט —
ווי פיעל נאָך ו ו ע ל ע ן זיין ווי איך פאַרשפּאַרט,
ווי פיעל שוין ה אָ ב ע ן עהדער מיר פאַרבראַכט...

און זוכענדיג געפינט מיין אויג אַרום,
סמנים אויסגעקריצטע אויף די ווענד,
אַ שורה דאָ און דאָרט, אַ וואָרט אַ שטריך —
ירושות נאָכגעלאָזט פון טויטע הענד...

און כ׳קלער ווי לאַנג, ווי שווער האָט איטליכער,
געמיהט זיך איבער יעדען קליינעם שטריך,
אום אויף דעם קאַלטען שטיין אַ זכר, מיר
און אַנדערע צו לאָזען הינטער זיך...

און איך אַליין ? — איך קריין מיין נאָמען אויך
מיט פינגער פון מיין אייגנעם בלוט פאַרטריפט,
און נאָר און טרייסט זיך ט אָ מ ע ר איינעם'ס אויג,
וועט ו ו ע ן ־ ס ׳ א י ז פאַלען אויף מיין
א ו נ ט ע ר ש ר י פ ט...

1907

# דאס מעכטיגסטע

דו האָסט געזעהן דעם יס־איקינוס׳ גרויסע מאַכט,
וואָס שפּיעלט זיך מיט דעם שטאָהל־געפּאַנצערטען
אָקרענט,
דו האָסט געזעהן דעם אַוואלאנש וואָס האָט צוקראַכט,
אין איין מאָמענט דאָס ווערק פון טויזענד מענשען־הענד;

דו האָסט געזעהן דעם קראַטער וואָס שפּייט אויס זיין גאַל
פון גלוטיג געלער לאַוואַ, איבער פעלד און וואַלד,
געהערט דאָס באַרג־געוויטער וואָס מיט דונער־קנאַל,
די טויזענד־דורות־אַלטע פעלזענשפּיצען שפּאַלט;

דו האָסט געזעהן, געהערט, און פיל מיט שרעק, פאַרגאַפּט,
געשטאַנען ביזטו און באַוואונדערט אין דער שטיל,
אין זיי באַווייזען האָט זיך דיר די העכסטע קראַפט —
דאָך ווייסטו וואָס פון זיי איז שטאַרקער, גרעסער פיעל?

דער גראָער שטילער ראָסט וואָס פאַרבט דעם פּיראַמיד,
וואָס אונבאַמערקט אַטאָמען־ווייז זיך קלייבט און מעהרט,
וואָס ליאַרעמט קיינמאָל ניט, און קיינמאָל ווערט ניט מיעד,
וואָס וואַרט אַ'ן אייביגקייט און סוף־כל־סוף צושטערט...

1907



# ביים טויער פון לעבען

(אַ פראַגמענט.)

---

ביי דעם טויער פון הימעל טרעפען זיך צוויי נשמות; איינע קומט צוריק פון אירדישען לעבען, די צווייטע געהט ערשט אַרויס אַהין.

די צוריקקעהרענדע: —

שוין וועהען מיר אַ גרוס פון ווייטען,
דעם הימעל'ס קאַלטע אייביגקייטען...
אָ צייט געקניפּט פון נעכט און טעג,
אָ אָרט פון טרייבען און געיעג,
איהר וועט מיך מעהר ניט בינדען —
אין קוואַל פון ליכט וואָס אייביג שטראַהלט,
און קיינמאָל שטייגט ניט, קיינמאָל פאַלט,
דאָרט וועל איך שנעל פאַרשווינדען...

ניט שטרעבען מעהר, ניט ווערען מעהר
געשניטען פון דער טייפעל־שעער
וואָס איהרע קלינגען זיינען —
אַ רגע רוה, אַ רגע — שטרייט,
אַ שטענדיגע פאַרפלאָכטענהייט
פון פריידען און פון פיינען...

אַ הימעל נעהם מיך צו צוריק,
לאָז איבערטרעטען מיך די בריק,
צו דיינע ברייטע ספערען,
וואָס דרעהען זיך אין רוים אָהן מיה —
וואו ס'קוויקט די שטילע סימפּאָניע,
פון זונען און פון שטערען...

די אַרויסטרעטענדע: —

געענדיגט איז די צייט פון טרוימען,
אין אונבאַגרענצטע אויר־רוימען —
דאָס שוועבען הין און שוועבען הער,
אָהן ציעל, אָהן צוועק, אָהן באַגעהר,
און זיין אי דאָ אי דאָרטען...
דאָס זויגען זאַפט און ציהען סאָק,
פון יעדען גראָז און בלומען־שטאָק,
אין ברייטען געטער־גאָרטען...

דאָס דרעהען תמיד זיך אין קרייז,
און קיין מאָל ניט פאָראויס אַ שפּרייז,
קיין ווייטער און קיין נעהנטער...
דען וואָס איז איצט איז יעדע שעה,
און וואָס איז דאָ, איז דאָרטען דאָ,
און אומעטום איז צענטער...

אָ, עפען הימעל־טויער, שנעל! —
לאָז איבערטרעטען מיך די שוועל
צום לאַנד פון מענשען־קינדער,
צום לאַנד וואו ס׳בייט זיך נאַכט מיט ליכט,
צום לאַנד פון שטערבען און פון פליכט —
צום לאַנד פון מעהר און מינדער...

ערשטע נשמה: —

דאָרט אַקערט מען און זעעט מען לאַנג,
בעפאָר עס שפּראָצט אַרויס דער זאַנג,
און וואַקסט ער מוז ער וויאַנען;
און דאָ איז אַלין געענדיגט שוין,
ניטאָ קיין מיה, ניטאָ קיין לוין,
און טויט איז ניט פאַראַנען...

צ ו ו י ט ע   נ ש מ ה : —

וואו תמיד פול, איז תמיד פוסט...
און אייביגקייט — וואָס איז אָהן לוסט ? —
ס'איז בלויז דער טויט וואָס שטאַרבט ניט...
און גליך צום נ י ט־זיין איז דאָס ז י י ן,
וואָס שפּיעל פון שאָטען און פון שיין,
פאַרציערט ניט און באַפאַרבט ניט...

ע ר ש ט ע   נ ש מ ה : —

איך האָב געזוכט אין פינסטערנים,
אַ ז ע מ ד ע ל  וואָס געוועזען איז
אין אָ ק ע אַ ן  פאַרטראָגען,
איך האָב אַרומגעזוכט אומזיסט,
און וואָלט איך ס'קערענדעל דערוויסט —
וואָס וואָלט איך דאַן געקראָגען ? —

אַ ש ט ו י ב  פון וויסען... קליין און קאַרג,
גענומען פון דעם גרויסען באַרג,
וואָס דאָ שטעהט פריי און אָפען...
וואָס ד אָ זעהט קלאָר דער ערשטער בליק,
דאָס וואָלט איך דאָרט נאָר  צ ו פ ע ל י ג
און  ב ל י נ ד ע ר ה י י ד  ג ע ט ר אָ פ ע ן...

צווייטע נשמה: —

ווי גרויס די פרוכט, ווי קליין די פרוכט,
וואָס מאַכט עס אויס אַבי געזוכט —
דאָס **זוכען** איז דער עיקר...
און ס'גאַנצע קריגט זיין גרעסטען חן,
ביי דעם וואָס זאַמעלט שטיין פאַר שטיין,
און **שטעלט** עס אויף פון **שטיקער**...

דאָך וויסען **אַליין** איז וויסען **נול**,
דאָך רוקען ביסלעכווייז דעם **גבול**,
פון קענען און פון וויסען —
אַנטפּלעקען לאַנזאַם סוד פאַר סוד,
דעם טיעף־פאַרדעקטען וועלטען־ראָד —
בלויז **דאָס** הייסט פרייד געניסען...

**אַ שטימע**: —

אי דאָ אי דאָרט, עס איז ענגאַל,
דאָ איז די **זונן** און דאָרט דער **שטראַהל**,
דער **שטראָם** איז דאָרט און דאָ דער **קוואַל**,
דאָך אַלין די זעלבע מאַכט די שטומע...
דערזעלבער שטאָף, דערזעלבער גייסט,
וואָס שאַפט און טויט, וואָס בויט און רייסט,

און רונד אַרום זיך תמיד קרייזט,
אונ שטענדיג בלייבט די זעלבע סומע...

דאָס גאַנצע איז פון תמיד גאַנין,
אין גלייך איז אייביג דער בילאַנין,
אין רוהלאָזען חלקי־ס־טאַנין,
וואָס פלעכט און בינדט זיך טויזענד־אַרטיג,
דאָך אין דעם שמאָלען שפּיגעל פאַלט,
פון וועלט־זיין בלויז די הויט־געשטאַלט,
און ס'בליהט און שטאַרבט, ווערט ניי און אַלט,
וואָס תמיד איז פאָלקאָם און פאַרטיג,
וואָס תמיד ווערט זיין ווי געווען...
דען ס'האָט קיין אלף און קיין תיו ניט,
עס האָט קיין אָנהויב און קיין סוף ניט,
און ס'האָט קיין וואו ניט און קיין ווען...

1908



# די נייע געטער

צוברעך די אונריינע אַלטאַרען,
זיי זיינען פאַלש, זיי אַלע נאַרען...

דעק אויף דיין גאָט'ס פאַרהילטען פנים,
רייס אָפּ זיין מאַסקע און קוק אָן איהם —

ס'איז בלויז דיין „איך" וואָס לויז געריסען
זיך האָט, פון אייגענעם געוויסען...

דיין „איך" בלויז וועלכער איז אַנטלאָפען,
פון וועלט־געזעין, פון הימעל'ס שטראָפען...

דיין פרייהייט ? — קוק זיך צו נור נעהנטער,
ס'איז דיין  ב אַ ג ע ה ר  דער ווילד־צובריגנטער,

וואָס דורך דעם פּאָקוס פון די ליפּען,
פערוואַנדעלט האָט זיך אין  פ ר י נ צ י פּ ע ן...

טהו אוים דיין קרוין פון זעלבסט־רעגיערער,
דו אונגעשיקטער דעזערטירער,

אויף וועמענס פיס די קייטען קלינגען,
וואָס וועלען ד אָ ר ט צוריק דיך ברינגען,

פון וואו דיר לויפען האָט געוואָלט זיך,
און ברעכען וועט דיין שקלאַפען־שטאָלץ זיך...

אין שטויב זיך לעג, און בויג דיין שטערען,
און ריינ׳ג מיט חרטה־טרעהרען,

דיין גאוה׳דיג און זינדיג שטרעבען,
און ש ט אַ ר ב אום ווידער א ו י פ צ ו ל ע ב ע ן...

דען דער וואָס וויל זיין גאָט דערקענען,
מוז ערשט זיין א י ך, אַליין פאַרברענען...

1909



# שיקזאַל

אַליין אויף ווייטע ימים,
אַ וואַנדער־פויגעל פליהט,
און דורך דעם אויר־מדבר,
צום ווייטען אינזעל ציהט...

וואָס וויים דער וואַנדער־פויגעל,
ווען ער אין וואָלקען שוועבט,
פון ביסעל זאַמד וואָס האָט זיך,
אין פיסעל איהם פאַרקלעפּט?...

אין ברוינעם זאַמד פאַרבאָרגען,
אַ קערען איז פאַראַן,
און שמוגעלט זיך אַריבער
דעם ברייטען אָקעאַן...

דורך ווינד און שטורעם פלאַטערט
דער קליינער פּיאָנער ;
דעם קערען'ס גורל וואַקעלט
אין רוים זיך הין און הער...

דער בראַווער וואַנדער־פויגעל
געפינט זיין אינזעל אויס,
דאָרט בויט ער אין אַ פעלז־שפּאַלט
זיין אָרעם עלענד הויז.

און לעבט זיין איינזאַם לעבען,
און אָהן אַ שפּור פאַרגעהט,
דאַך לויזגעברעקעלט האַט זיך,
זיין אורח שטילערהייד...

און זויגט מיט הונגער־חשק,
די פרישע אינזעל־ערד,
און פון דעם קליינעם קערען,
אַ וואַלד אַ גרויסער ווערט...

1909

# קינסטלער־ווערע

ן עוועזען פאַרטיג אין זיין קאָפּ,
און בולט־ליכטיג, איז די העלד־געשטאַלט,
וואָס פון זיין מוח'ס שמעלץ־אויוון,
אַרויסגעגאָסען האָט זיין דיכטער־גייסט,
און אויסגעפורעמט טראָפּענס־ווייז,
דורך טעג אָהן רוה, דורך נעכט אָהן שלאָף..

שוין האָט געטהורעמט פאַר זיין קינסטלער־אויג,
דער שטאַרקער קאָפּ, מיט שטאָלין צוריקגעבייגט,
דער שענער שטערען צו דער הויך געקעהרט,
די גרויסע אויגען ים־טיעף, זונען־קלאָר —
די ליפּען מוטהיג־פעסט צונויפגעפּרעסט,
פאַרריגלענדיג אַ'ן אַרסענאַל מיט קראַפט —
די כוח־פולע אָרעמס, דורכגעוועבט
מיט אָדערען ווי פיילענבויגען־שטריק...

מיט היך־געוועלבטער ברוסט, פול קריגער־פרייד,
באַרייט צו ק ע מ פ פ ע ן מיט אַ וועלט,
באַרייט זי ט ר אָ ג ע ן אויף זיין קאַרק,
געשטאַנען פאַר זיין דמיון איז דער העלד...

און קיים נאָר פלעגט דאָס אינגעווייטע ליכט
באַגינען דורך די שויבען דורכזיפען,
שוין פיבעריש געקנעטען האָט זיין האַנד,
דעם טויטען, נאַסען, קלעפיג־ווייכען שטאָף...

און ווי אַ פייער־שטראָם געפלאָסען איז,
פון זיין נשמה׳ס טיפסטער טיפענים,
ביז צו די פינגער־שפיצען, י ע נ ע ס בילד
פאַרבאָרגען אין זיין קדשי־קדשים לאַנג...

און איילענדיג געאַרבייט האָט די האַנד,
און גליהענדיג געאַנקערט זיך דער בליק,
אין קאַלטען לעהם,
ווי גלעטענדיג, ווי הילפע בעטענדיג,
פון נאַסען לעהם...

און טעג אויף טעג פאַרגעהען, און שוין ברענט
דעם קינסטלער'ס מאַרך דאָס פאַרט'גע מוסטער־בילד,
און שפּאַרט און שפּרינגט אַרויס אַלין ליכטיגער...
און פיבערישער קנעט די האַנד,
און גלוטיגער אַלין בעט דער בליק און בעט...

דאָך אומגעלומפּערט איז דער לעהם, און פויל,
און שלעכט געהאָרכט די פלייש־און־ביינער האַנד,
דעם טויזענד־פליגעלדיגען קינסטלער־גייסט...
קוים שטרעקען זיך פון גראָען טייג אַרויס,
די רויהע גליעדער פון דער העלד־פיגור...
ניט עהנליך גאָר צו י ע נ ע ר  אַ נ ד ע ר ע ר,
וואָס גלאַנצט און שטראַהלט ביי איהם אין מוח שוין,
אין פולער שענהייט און אין גאַנצער קראַפט...

און ווען די שוואַרצע נאַכט פאַלט אָן,
דאַן זיצט ער שווייגענדיג ביים לעהם,
און קוקט פאַרצווייפעלט אויף זיין האַלבען ווערק,
און ס'דוכט זיך איהם ווי פונ'ם טויטען שטאָף,
זיך לויזצורייסען ראַנגעלט שווער דער העלד,

און שלעפּט די גליעדער ניט געענדיגטע,
און קוקט מיט גרימצאָרען דעם קינסטלער אָן,
און שילט מיט ליפּען האַלב־ג ע פ ו ר ע מ ט ע,
און שפּאָט׳ פון זיין באַשעפער׳ס שלאַפער האַנד...

1907



# אַ דועל

געזיכערט אין דעם שאָטען פון דער נאַכט,
געגאַנגען איז ער האַסטיג הינטער איהר...
אַ שטראַסען־מיידעל זי, און ער —
אַ מאַן געאַכטעט אין זיין קרייז,
אַ מאַן וואָס זיין געוויסען האָט
די קרעמפּפען פון הרטה,
נאָך קיינמאָל ניט פאַרזוכט...

פון פולען בייטעל שענקט ער אומעדום,
צו איטליכען וואָס שטרעקט אַ האַנד;
אַ גוטער פאָטער איז ער און אַ גוטער זוהן,
אַ טרייער בירגער פון זיין לאַנד,
אַ זייל אַ פעסטער פון׳ם וועלט־געשטעל,
געזונד אין קערפּער און אין גייסט.

אַ׳ן אַנדער מין איז ז י, אַ׳ן אַנדער מין איז ע ר...
דער מ ע נ ש איז ע ר, אַ ז אַ ך פון שאַנד איז ז י...

ז י  טראָגט איהר גוף אַוועק אין מאַרק,
און פאַדערט געלד פאַר ליעבע — ער  בעצאָהלט,
ניט דינגענדיג, ניט קאַרגענדיג,
מיט פרייער האַנד — נאָך  מ ע ה ר ע ר  ווי זי בעט...

אַ זומערפויגעל זי, אַ שעהנס, אַ חנ׳עוודיגס,
וואָס פלאַטערט לוסטיג איהם צוליעב,
און פריהער־שפּעטער וועט אין רינשטאָק זיין...
אַ מייזעלע אַ שפּיעלעדיגס וואָס לעבט פון קויט,
און מאַכט פאַר איהם דעם אויר ריין...
אַ זיסע זינד וואָס קיצעלט זיין פאַרלאַנג,
און פילט מיט עקעל דאַן...

מיט עקעל... אָבער ניט אויף  ל אַ נ ג.
צוריק זיך אומקעהרען
באַלד וועט ער אין זיין היים,
זיין ציכטיג־ריינע היים, זיין הייליגקייט....
קיין זכר פון אַ פלעק, קיין קערענדעל פון קויט
פאַרטראָגען דאָרט וועט זיין זכרון ניט...
פאַרגעסען שנעל וועט זיין די קורצע שטיפעריי,
און ריין און רוהיג וועט זיין שלומער זיין —
דער שלומער פון אַ בראַוועז מאַן...

ס'ליכט פון דער גאַז־לאַנטערנע איז
געפאַלען אויף דאָס פּאָאר,
און ביידע האָבען זיך באַקוקט...

דער מאַן מיט חוצפּה'דיגען תאוה־בליק
געוואונקען האָט דער שקלאַפין פון זיין לוסט...
אַ חיה ־ בליק געזויגען האָט
דעם רונדען פולען גליעדערבוי,
פון אַ באַצאָהלטען קרבן...

אַ בליק אָהן גלות, אָהן ליידענשאַפט,
אַ מיש־מאַש פון נצחון און פון האַס,
האָט ווי דער שימער פון אַ מעסער־קלינג,
אַרויסגעבליצט פון מיידעל'ס אויג...
און פּראָטעסטירענדיג געשפּאָט'
פון זיסען שמייכעל אויף איהר ליפּ —
אַ שמייכעל פון אַ נ אָ כ ג ע מ אַ כ ט ע ר לוסט...

באַגעהר פון פלייש האָט אין באַגעהר פון געלד,
געפונען זיין געווינשטע פּאָאר;
און פריינדליך, פריידיג איז געוועזן דער גרוס
פון איהר צו איהם, פון איהם צו איהר...

דאַך שטומערהייד, פּאַרדעקטערהייד,
געראַנגעלט האָבען זיך צוויי פיינד...
פּאַראַכטונג מיט פּאַראַכטונג האָט
באַגעגענט און געמאָסטען זיך,
און אויסגעפּאָכטען אַ דועל —
אַ היפּאָקריטישען דועל...

1907



# צדקה

(איבערזעצט פון ר י ש פ ע ז.)

---

דער פרעמדער קערל האָט מיך שטום באַטראַכט
דאַן פעסט די ליפּען צוגעמאַכט.

ער האָט קיין בעט־וואָרט ניט צו מיר געווענדט,
ער האָט בלויז אויסגעשטעקט די הענד.

ער האָט מיר ניט מיט זיסע רייד באַדאַנקט,
ווען איך האָב איהם מיין גאָב דערלאַנגט.

נאָר האָט זיין וואָלף־אויג דייטליך מיר ערקלערט,
ווי אויסגעטייטשט מיין געבען ווערט.

עס האָט געזאָגט: און גלויבסטו, שטאָלצער נאַר,
אַז ס'מאַכט דיין סענט דיך פאַר מיין האַרר?

עס האָט געזאָגט: איך שטעל דיר מצוות צו,
דאָך איך בין ניט בעל חוב, נאָר דו.

עס האָט געזאָגט: נאָר דו אַליין געניסט
א זיסען תענוג, ווייל דו גיסט.

עס האָט געזאָגט: דו שענקסט אַ סענט און שוין
זיך ציערסטו מיט דעם נדבן'ס קרוין...

עס האָט געזאָגט: וואָס פאַר אַ זכות עס איז,
דעם צווייטען האָבען צו די פיס...!

עס האָט געזאָגט: איך נעהם, דאָך מעקסטו ניט
דעם פליך וואָס קלעפּט צום געבער'ס טריט.

אַזוי גע'טענה'ט האָט זיין וואָלף־איזיג־שפּראַך,
אַזוי האָט ער פאַרטייטשט די זאַך.

און איך דערזעהענדיג זיין בייזען בליק,
האָב ניט געענטפערט איהם צוריק.

געזוכט נאָך קליינגעלד... דאַן אַוועק אין האַסט,
ניט וויסענדיג אַ וואָרט וואָס פּאַסט.

דען אמת האָט דאָס וואָלפען־איזיג געזאָגט,
און האָט מיט חרפּה מיך פאַריאָגט...

1909

# אַ ווידוי אָפּט געהערט

אַיצט ווען די שאָטענס קריכען שוין,
מיט שלאַנגען־טריט צו זיינע פיס,
זיין פולען ווידוי גיסט ער אויס פאַר מיר...
און אפשר וועט זיין ווידוי זיין
דער ווידערקלאַנג פון טויזענד אַנדערע,
וואָס דריקען ערגעץ שטומערהייד...

זיין ווידוי? — ניין!... ס'איז קוים דאָס רעכטע וואָרט.
חרטה — זאָגט ער — האָט ער ניט...
האָט קיינמאָל ניט געהאַט די פרייע האַנד,
צו זיין דער האַרר פון זיינע זינד,
און שלעכטס טהון נאָך זיין הערצענסלוסט...
אין אויער תמיד, איהם געשוויסטשעט האָט,
די שאַרף־פאַרשפּיצטע בייטש פון נויטה,
מיט טייפעלשען באַפעהל...

פאַרבראַכען האָט ער, ווייל ער האָט,
אין שוואַכען ציטערענדען לייב,
קיין לייבען־גבורה ניט געהאַט...
געזינדיגט האָט ער, ווייל ער איז
קיין העלד־מאַרטירער ניט געווען,
קיין שמשון און קיין פּראָמעטהיי...

די וועלט וואָס איהם צ ו ע ר ש ט זיך האָט אַנטפּלעקט,
דאָס איז געווען די ש ט י ו ו ע ל־ז ו י ה ל,
וואָס איבער איהם, דעם ו ו אָ ר ע ם, האָט געדריקט...
און האָט ער ווען אַ שטערענדעל געזעהן,
אַ בלאָען הימעל־שטריך, אַ לענטע גראָז —
פאַסירען פלעגט עס על פּי סבה בלויז,
ווען ס'פלעגט דער שוך זיך אויפהייבען אַ האָאר,
און ער פלעגט כאַפּען פון דער זייט אַ בליק...

דער עיקר אָבער איז געווען די זויהל,
אַ שטאַרקע, שענע, דיקע לעדער־זויהל,
פאַר א י ה ם אַ קליין באַשעפעניס
דאָס מוסטער־בילד, דער העכסטער אידעאַל,
פון גרויסקייט און אַלמעכטיגקייט...

אַקעגען שוך זיך שטעלען?... א י ה ם,
אַ ווערעמעל, ווי האָט אַזוינס

געקענט צומאָל גאָר איינפאַלען ?...
פיעל לייכטער און פיעל זיסער איז געווען
צו ליעגען אונטער איהם,
און חלום'ען אַז פון אַ וואָרעם קען,
אַ קנאַפּעל ווערען מיט דער צייט,
און דאַן... דאַן טראַמפּלען מיט געשמאַק,
און זיין אַ שוך מיט שיך צוגלייך...

און ס'האָט דער וואָרעם ניט געפלוכט,
ניט פּראָטעסטירט צומאָל,
נאָר אַלין געטרוימט פון שטיוועל־קראַפט,
ווי שען, ווי גרויס, ווי אַלמעכטיג זי איז...

און ס'האָט דער וואָרעם ניט באַקלאָגט
דעם גורל זיינען אינ'ם שטויב —
באַקלאָגען וואָלט געהייסען דאָך,
פאַרלירען יעדע האָפענונג,
צו זיין אַליין אַמאָל אַ זויהל...

און אַלט געוואָרען איז דער וואָרעם שוין,
געקייקעלט זיך אַ לעבענס־לויף אין שטויב,
און נאָכגעמאַכט דעם קנאַפּעל אין געדאַנק,
ערוואַרטענדיג אַ גלגול ווען־עס־איז —
דעם גלגול פון אַ וואָרעם אין אַ שוך...

און איין מאָל האָט דער וואָרעם זיך דערוואוסט,
אַז ערגעץ איז פאַראַן אַ וואָרעם־בונד,
וואָס פליכט און שילט און פראָטעקטירט,
אַקעגען זויהל און קנאַפּעל - שקלאַפערײ...

דאַן האָט דער וואָרעם גיהנום־פּיין דערפיהלט.
זיין גאַנצער שטיוועל־חלום איז
צופלויגען ווי אַ זייפענבלאָז...
און באַרג־שווער איז געוואָרען איצט,
דעם קנאַפּעל'ס טראַמפּלען איבער איהם,
און מורא'דיג געזועזען איז דער פליך,
פון אַלטען וואָרעם, וועלכער האָט,
אַ גאַנצעם לעבען ליעגענדיג אין קויט,
דעם שיך־טיראַן באַוואונדערט פאַר זיין מאַכט,
און איהם אַלס מוסטער־בילד געשטעלט...

1907



# נאַכט מחשבות

---

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין מיטען נאַכט...

אין מיטען נאַכט געפונען האָב איך זיך,
אַליין אין צימער איינגעשטיינט,
אַליין אין דיקער, טיעפער פינסטערניס...
און ניט צומאָל אַ קליינער שטערען האָט,
אַריינגעוואונקען שטילע חבר'שאַפט;
און ניט צומאָל אַ שוואַכער זיפין פון ווינד,
דערמאָנט האָט אָן אַ דרויסען־וועלט...
און קיינער פון די קלאַנגען אָהן אַ צאָהל,
וואָס בלאָנדזשען תמיד אום ביינאַכט —
דורך וועלכע ס'רעדט די וועלט פון שלאָף —
קיין איינציגער האָט ניט צו מיר דערגרייכט...
און כ'בין געוועזן אַליין...

און אויסגעמעקט האָט מיין זכרון זיך —
פּרוּבירט האָב איך אומזיסט די איינזאַמקייט,
מיט מח־בילדער צו בעפעלקערען,
אומזיסט די שוואַרצע פוסטקייט אָנפילען געזוכט
מיט סצענעס דורכגעלעבטע לאַנג,
מיט פנים׳ער געליעבטע צו געהאַסט —
ווי אויסגעלאָשען איז געוועזען אַלין...
און כ׳בין געווען אַליין...

און מיט געשאַרפטען אויער צוגעהערט
האָב איך, דאָס האַמערען ביי מיר אין ברוסט,
די טיק־טאַק קלאַפּערייַ אָן וועלכער ס׳הענגט,
מיין גאַנצער „איך" מיט זיין געטרוימטער מאַכט...
געהערט ווי ס׳יאָגען, מיך ניט פרעגענדיג,
די בלוט־טראָפּענס דורך יעדען אָדער־רעהר...
געהערט ווי ס׳שטאַרבען און באַנייען זיך,
די טהיילכעלעך פון מוסקעל און פון מאַרך,
ניט פרעגענדיג, ניט וויסענדיג פון מיר...
און כ׳בין געווען אַליין...

נאָך שאַרפער איז געוואָרען מיין געהער,
ביז כ׳האָב געהערט ווי יעדער סטוק,
ווי יעדער שלאג פון הערצען קלאַפּט צו מיר: —

„מעסט אוים די גאַנצע גבורה פון דיין „איך",
„מעסט אוים דיין גאַנצע שוואַכקייט איצט,
דען דו ביזט בלויז אַליין..."

און אויפגעשפּרונגען בין איך און אין רוים
אין פינסטערען, אַרויסגעשריען: „שטאַרק,
„יא שטאַרק בין איך, און בין פאַר זיך גענוג."
און דאַן... געוואַרט האָב איך ס'זאָל עמיצער,
ס'זאָל עמיצער אַ חוץ מיר ענטפערען,
צי ווידערקלינגען כאָטש מיין קול...
דען כ'בין געווען אַליין...

1907

# דער געוועזענער נביא

דער חושך וואָס האָט זיין נשמה פאַרוויקעלט,
דער וועהטאָג וואָס האָט אויף זיין וואַקס־געלען פנים,
ווי קליינינקע קברים'לעך, קנייטשען געגראָבען —
די לאַסט וועלכע האָט ווי אַ גרייז איהם געבויגען,
אין יאָהרען ווען מוטהיג דער קאָפּ דאַרף זיך הייבען —
דער קומער וואָס האָט זיינע אויגען די יונגע,
מיט מוטנעס אין אייביגען יאוש פאַרנעבעלט —
זוי זיינען אַ חדה געוועזען ביי מיר,
ביז ער האָט אַליין מיר דעם שליסעל געגעבען,
ביז ער האָט אַליין מיר געעפענט די טהיר,
צום גיהנום וואָס לאַנגזאַם פאַרפייניגט זיין לעבען...

מיר האָבען שפּאַציערט אויף אַ'ן איינזאַמען פעלד־וועג,
ס'איז אַ קאַלט־בלאָע נאַכט אין נאָוועמבער געוועזען,
פאַרלאָשען די פייערלעך האָבען אַרום זיך...
אין מערב אַזוי ווי אַ רייה פון מצבות,
די באַרג־שפּיצען האָבען דעם הימעל געשטאָכען...

פון הייזער און בוימען אין שיין פון די שטערען,
געצייכענט זיך האָבען די נאַכט־סילועטען...
און טוכלע און פייכט איז געוועזען דער ריח,
וואָס האָט זיך אַרויס פון דער הערבסט־ערד געטראָגען...

דאַן האָט ער אַזוי ווי אָן עפּעס דערמאָנט זיך,
און דריקענדיג פעסט מיר דעם אָרעם, צורעדט זיך,
און כ'האָב אין דער פינסטער געמערקט, ווי די אויגען
איהם גלאַנצען, מיט יענעם באַגייסטערטען פייער,
וואָס איז ביי דעם פאָלק דער „נר תמיד" געוואָרען: —

„קאַפּריזנע און ווילד איז די שאַפענדע קראַפט,
אין אַלין וואָס זי טהוט און אין אַלין וואָס זי שאַפט,
דערקענסטו דעם תוהו ובוהו...
דאָך ערגער פון אַלין איז וואָס אָפטמאָל געשיעהט,
אַז שאַפענדיג לאָזט זי איהר ווערק אין דער מיטט'
און ס'בלייבט איהר מלאכה אַ רויהע.

„דאַן האָסטו אַ כאַאָס, אַ ווילדעם געמיש,
אַ פויגעל אָהן פליגלען, אָהן שווימקראַפט אַ פיש
אַ קאַץ וועלכע האָט ניט קיין נעגעל,
אַ קריפּעל־געזינד וואָס אַ גאָט'ס משוגעת,
ארונטערגעשיקט האָט אויף דער־וועלט צום שפּאַס,
אָהן צוועק און אָהן פּלאַן און אָהן רעגעל...

. . . . . . . . . . . . . .

„אַ ליכטיגער פונק איז אין מאַרך מיר געדרונגען,
און האָט מיין נשמה אין פלאַמען געהילט,
ביי מיר האָט אַזוי ווי פון צעהנדליגער צונגען,
אַ פאַרביגער ווערטער־פאַנטאַן זיך צושפּיעלט.

„רייט־גלוטיג איז איטליכעס וואָרט־בילד געוועזען,
אַ פייער־קאָמעט אין געשטאַלט פון אַ שווערד,
דאָס האָב איך אין אייגען ענטציקטע געלעזען,
דאָס האָב איך אין שושק פון די מאַסען געהערט.

„און איך בין דער הייליגער נביא געוואָרען,
וואָס פלאַקערט פאַנאַנדער דאָס פאָלק מיט געוואַלט,
וואָס רעדט בלויז — און ס'ציערט זיך מיט בלומען דער דאָרען,
און ים'ען און פעלזען מיט גלויבען צושפּאַלט...

„און כ'האָב ניט בחנם מיין פייער פאַרשווענדעט,
שוין האָבען די הערצער מיט צוטרוי געגליהט,
און וואו נאָר איך האָב מיינע בליקען געווענדעט,
מיר האָט מיין נבואה אַקעגען געבליהט...

„און טויזענדער הענד האָבען הויך זיך געהויבען:
אָ רעד אונז, אָ פיהר אונז, דו פיהרער־פּראָפעט,

און לערען אונז לעבען, און לערען אונז גלויבען,
דו שטראַהלענדער ריעז־מענש, דו צוקונפטס־שטאַפּעט...

„דאָך איך בין אַ ווײלע געווען בלויז אַ נביא,
בלויז קורין האָט געוועהרט די באַגייסטערט גלות.
און דאַן... האָט אַ צווייפלענדע קאַלטע מחשבה,
דעם נביא געטייט און פאַרפראָרען זיין בלוט...

„דען איך בין אַ האַלבער פּראָפעט נאָר געבאָרען,
האַלב זומפּ און האַלב שכינה, האַלב פּלאַם און האַלב פראָסט,
אַ פינסטערע האַנד, האָט אין שפּאַס אָדער צאָרען,
אין מיטען פון קנעטען איהר אַרבייט געלאָזט...

„און ס'שפּרייט זיך די פּלאַם דאָרט, וואָס איך האָב געצונדען,
עס מעהרט זיך די גלויבענדע יונגע אַרמיי,
דאָרט פלאַקערט די גלות וואָס פון מיר איז פאַרשוואונדען,
דאָרט הילכט נאָך אין עכאָס דעם נביא'ס געשריי...

„דאָרט ווערט שוין אין מעשים, מיין רעדען פאַרביטען,
דאָרט ווערען די ווערטער אין טהאַטען פאַרטייטשט,
דאָרט ווערט אין מיין נאָמען געקעמפּפט און געשטריטען,
און ס'ווערט אין מיין נאָמען דער פוילער געבייטשט...

„און זיי זיינען איצט די נביאים געוואָרען,
און דער וועלכער זאָל זייער פיהרער זיין איצט,
ער שטעהט אין דעם פלאַמענקרייז קאַלט און פאַרפראָרען,
אַ'ן אייזבערג פון זייערע פונקען באַשפריצט...“

1908



# טויט

## 1.

---

איך האָבביים גוסס׳ בעט געוואַכט...
אין דרויסען האָט אַ גאַנצע נאַכט,
געקלאָגט דער שטורעם־ווינד,
איך בין געזעסען און געטראַכט:
דער מלאך־המות האָט געבראַכט,
זיין פינסטערע געזינד...

„או—או, או—או“ — ווי בייז ער בילט,
און רייסט די טהיר און פענסטער־ווילד:
„וואָס האַסטו זיי פאַרשפאַרט? —
„עס מאָהנט איהר חוב די קאַלטע ערד.
ס׳איז שוואַרין די נאַכט, און שאַרף די שווערד,
„און איך, דער תליון, וואַרט...“

איך האָב צום בעט זיך צוגעלעהנט,
גענדריקט די דאַר־פאַרגעלטע הענד,
אונ צו מיין ליפּ געפּרעסט,
און דרויסען ביי די פענסטער איז,
געשטאַנען אין דער פינסטערניס,
דער טויט מיט זיינע געסט...

2.

די שויבען ווערען גראָליך־זוייס,
די נאַכט, די לאַנגע נאַכט צוקריכט,
די פלאַם פון לאַמפּ פאַלט געל אין קראַנק,
אויף זיין צונויפגעשרומפּפט געזיכט...
דער דאָקטאָר שטעהט שוין איף דער שוועל,
און שושקעט שטיל: „אַ שטונד, ניט מעהר...“
ער שושקעט שטיל, דאָך איך דערהער,
און פיהל געשמאָלצען בליי אין קעהל,
און ווערג זיך מיט אַ הייסער טהרער...

די גוסס־אויגען עפנען זיך,
אָ גאָט, ווי מורא'דיג ער בעט:
„מיך שרעקט דאָס שוואַרצע בילד פון טויט,
„פאַריאָג איהם, חבר, פון מיין בעט...“
און איך בין שטאַרק, און איך בין יונג,

און מיט מיין בלוט צו העלפען גרייט,
דאָך כ׳שטעה געלעהמט און שטעה געקייט,
און הער דאָס כריפּען פון זיין לונג,
און ס׳בעסטע וואָס איך האָב פאַרגעהט...

3.

ווען איך זאָל וויסען, אַז דו האָסט
געזעהן אין לעצטען טויט־מאָמענט,
די טרייע פריינד אַרום דיין בעט,
און האָסט זיי איטליכען דערקענט —
עס וואָלט פאַר מיר אַ האַלבער טרייסט געװעזען,
דאָך גלאָזיג האָט דיין בליק געשטאַרט —
מיר האָבען בלויז אומזיסט געוואַרט:
ווער וייסט צו האָסטו אונז געזעהן?...

ווען איך זאָל וויסען, אַז דו ביזט
געשטאָרבען ווי געלעבט — אַ העלד,
געגריסט דעם טויט מיט יענעם מוטה,
וואָס האָט דיר קיינמאָל ניט געפעהלט —
עס וואָלט פיעללייכט מיין טרויער־שמערץ פאַרזיסט...
דאָך איז דיין ליפּ געוועזען שטום,
און מיר די טרייע פריינד אַרום,
מיר האָבען זיך געפרעגט אומזיסט...

4.

איך האָב גׄעזעהן צום לעצטען מאָל,
וויִ ס׳שליסט זיך צו דעם ארון׳ס דעק,
און שווער ווי טויזענד פודען שטאָהל,
געפאַלען איז אויף מיך אַ שרעק...

איך האָב געהערט דעם דומפּפען שאָט,
פון ווייכער ערד וואָס פאַלט און פאַלט —
און פלוצלינג פון דער גרוב־נאַכט האָט
אַ פונק פאַר מיר אַרויסגעשטראַהלט...

אַ ווייכע וויינענדיגע שטים,
מיין אויער האָט מיט טרייסט געגלעט: —
„דיין חבר וואָס דו בייִנקסט נאָך איהם,
„ער שטייגט ארויס פון קבר׳ס בעט...

„ס׳איז ערגעץ דאָ אַ ליכטיג לאַנד,
„פון זיסער רוה, פון קלאָרער פרייד,
„וואו ס׳קניפּען זיך מיט שטראַהלענבאַנד,
„די ט ר י י ע יואָס דער טויט צושיידט...“

פיעלייכט האָט מיך דער ווינד גענאַררט ?
פיעלייכט גערוישט אַ קברות־קוסט ? —
דאָך מיר האָט גלויבען זיך געגאַהרט,
מיר האָט זיך האָפען דאַן געגלוסט...

5.

פאַרשווינדען וועט דעם קבר׳ס שרעק,
דער שוידער פאַר דער מת־געשטאַלט ;
דיין טויטען־בליק פאַרגלאָזט און קאַלט,
וועט ווי אַ שווערער טרוים אַוועק...

און אין מיין זין פאַרבלייבען וועט,
דיין אויג, מיט שוואַרצער גלוט געפילט,
דיין ליפּ, אויף וועלכער ס׳האָט געשפּיעלט,
דעם טרוימער׳ס טיעפער הערץ־סעקרעט...

דער קאָפּ, געלאָקט מיט ווייכער זייד,
דער לאַך, דער שטימע׳ס מילדער קלאַנג,
דער דריק פון האַנד, דער לייכטער גאַנג,
די גליעדער׳ס יונגע פרעהליכקייט...

און קיין מאָל זאָל אַ קבר־זאַמד,
נים פאַלען אויף דיין שען געזיכט,
וואָס ווי אַ שטיל נר־תמיד ליכט,
אין ווינקעל פון מיין מוח פלאַמט...

1908



# די ווייסע פּעסט

זיין פּנים ווערט אַלץ דאַרער, בלייכער,
די גליעדער איינגער איינגעצויגען,
דאָך ווערט זיין שטימע תמיד ווייכער,
און תמיד שענער זיינע אויגען...

אָ זעהט נאָר ! ווי זיין קבר־קרבן,
פאַרציערט צום טויט דער שוואַרצער פּריסטער
ווי פלעקיג־רויט זיין באַק געפאַרבען,
דער מלאך־המות האָט, דער ווייסטער.

געענדיגט איז דעם לעבענ׳ס חלק,
פאַרשוואונדען איז דער שמערץ אפילו...
די טעג די לעצטע זיינען הייליג
דעם טויט, וואָס קומט מיט פוסטריט שטילע.

דאָס לעבען, וואָס פאַר איהם געפונען
האָט אַ־קרענק בלויז, וועהטאָג און עניים,
איהם פלאָגט ניט מעהר, און האָט פאַרגונען
אַ קורצע שמערצענלאָזע רוה איהם...

1907



# דער טהורעם-מאַן

עס פלאַקערט אויף און לעשט זיך אויס,
אונ בליצט ארויס אויפ׳ס ניי,
אַ ליכטיג אויג, אַ פייער־גייסט
אין וואַסער׳ס וויסטעניי...

דאָס איז די פלאַם פון לייכט־טהורעם,
אין שוואַרצען אָקעאַן,
און דרינען זיצט נאַכט־איין נאַכט־אויס,
דער גראָער טהורעם־מאַן...

אַרום איהם רוישט אַ קריעגס־געזאַנג,
דער ים מיט שוואַרצער וואוטה,
אַרום איהם בייטשט דאָס וועלל־געדראַנג,
דעם נאַכט־שד׳ס שטורעם־רוטה...

דאָך זיצט דער מאַן און היט די פלאָם,
און קוקט, און הערט, און וואַכט,
און גאָט ווייס וואָס אין איינזאַמקייט
זיין אַלטער מוח טראַכט...

טאָג־טעגליך קומט אַ שיפעל אָן,
און ברענגט דעם וועכטער שפייז,
איין מאָרגען וועט אַ שיפעלע,
אַוועקפיהרען דעם גרייז...

זיין אויג וועט דאַן פאַרשלאָסען זיין,
זיין אויער שטאַרר און טויב,
און ס'וואַסער ברומען וועט צום ברעג,
דעם טויטען וועכטער'ס לויב...

1909



# דיא מצורעים.

---

אַ דונקעלע זומער־נאַכט. אַ וויסטע, מיט דערנער בעוואַקסענע באַרג־געגענד. אַן אָרעמע פון צווייגען צוזאַמענגעפלאָכטענע בוידעל. פון פאָרענט דריי אַפּגעצעהרטע האַלב־נאַקעטע מצורעים. איינער אַ יאָהר 20, דער צווייטער אַ מאַן פון 40, דער דריטער אַ יאָהר 60. פון ווייטען זעהען זיך אין טהאָל די פייערלעך פון אַ גרויסער שטאָדט.

---

דער מיטעל־יעהריגער:

...איך האָב געזעהן פיקעטען אין די בערג.\
דער פיינד איז נאָהנט... איצט הענגט עס אָפּ אן אונז,\
צי טויט צי לעבען פאַר דער שטאדט...

דער יונגער:

און ברינגען מיר די נאַכריכט ניט אין צייט,\
דאַן וועט דער שווערד פאַרטיליגען,

די שטאדט, וואָס האָט פאַר טויזענטער
פאַרברעכער, נאַכטלעגער און רוה,
און ניט פאַר אונז די שטערבענדע...

דער מיטעל־יעהריגער:

אינז האָט מען היינט קיין עסען ניט געבראַכט...

דער יונגער:

אין נעכטען איז צו אונז ניט מעהר קיין מענש
געקומען מיט דעם קאָרב פון שפייז...
אַ קראַנקער, קרעץ־באַדעקטער הונד,
האָט אין זיין מויל געבראַכט דאָס בינטעל עסענזוואַרג...

דער מיטעל־יעהריגער:

דער קראַנקער הונד געגאַנגען איז צוריק,
אַהין וואו מענשען וואָהנען... אונז דערפאַר
געטוידטעט וואָלט מען אָהן א מיטלייד־פינק...

דער יונגער:

שוין איצטער איז די זומערנאַכט אין שטאדט,
עס רוישט אין גאַס אַ לוסטיגעס געדרענג
פון פרויען און פון מענער, אַלט און יונג,

וואָס זופּען די געוווירצטע אבענד־לופט...
פון העל־באַלויכט׳נע הייזער פלאַטערען אַרויס,
ווי פויגעל־מחנות קלאַנגען פון מוזיק...
און אין דעם שאָטען פון די בוימער האַלט
די ליעבע, איהר געהיימען פעסט,
און הייסע ליפּען טרעפען זיך,
און גליעדער פלעכטען זיך צונויף,
אין יונגער אונגעצאַמטער פרייד...
אין וועמענס אָרעמס ווידערהאַלט
די זיסע ליעבע־ווערטער איצט,
דאָס מיידעל וועלכע האָט ניט לאַנג צוריק,
געקוקט מיך אַלס איהר אייביג־איינציגען ? —
און וועמענ׳ס שמחה וואָלקענט דאָרט דאָס בילד,
פון יענע דריי וואָס הונגערען אין פעלד,
פאַרשאָלטען און פאַרשטויסען און פאַרהאַסט
ווי שלאַנגען גיפטיגע ? —

דער מיטעל־יעהריגער :

ס׳איז אויך געווען אַ נאַכט, דאָך ניט אַ נאַכט ווי היינט,
ווען מיך פון שטאָדט אַ פעבעל האָט געיאָגט...
אַ ווילדער קאַלטער מבול האָט געפּליוצט,
א שטורעם האָט דעם רעגען־שטראָם געבייטשט,
מיט וואָיעס ווי פון טויזענד הונגעריגע וועלף...

דאַך איך בין אין מיין וואָרעם־שטילען נעסט געזעסען,
געשיצט פון שטורעמ׳ס כעס, און נעבען מיר
אַ טרייע פרוי און קינדער שען און ליעב...
און פלוצלינג האָט זיך איינגעמאַכט די טהיר...
מיט קולות ווילדער פונ׳ם ווינד,
אַריינגעבראָכען האָט אַ מענשען־כמאַרע זיך,
און האָט מיך פון מיין בלוט און פלייש,
אַוועגגעריסען מיט געוואַלט...
מיט קללות אין מיט פלוכען און מיט שפּאָט,
פאַרשטויסען חוץ למחנה מיך...
און טרייסלענדיג פון קאַלטען מבול־גאַס,
געקומען בין איך וואו מיר וואוינען איצט...

דער יונגער:

האָט ווער דיך רעטען דאַן פּראָבירט
האָט אימיצער פון יענע מענשען דאַן,
אַ וואָרט פון מיטלייד צוגעוואָרפען דיר?

דער מיטעל־יעהריגער:

איין רעכטס אין לינקס געדרעהט האָב איך מיין קאָפּ,
געזוכט, איין ניט אַ וואָרט, אַ פריינדליך אויג,
אַ ווייסעל, פון אַ טהרער באַטהויט,
אַ קראַמפּ פון בארעמהערציגקייט אַרום אַ ליפּ...




דאָך יענע וועלכע האָבען ניט,
קיין קללה מיר געשליידערט אין געזיכט,
געװעזען זיינען פינסטער ווי די גרוב,
און קאַלט ווי נאָרד־פּאָל פראָסט...

דער יונגער:

און דו דער ערשטער האָסט דערזעהן,
דעם פיינד׳ס פיקעטען אויף די בערג? —

דער מיטעל־יעהריגער:

און האָב געװאָלט גלייך ליפען אין דער שטאדט....

דער יונגער:

און רעטען ווילסטו, ד ו פאַרשטויסענער?...

דער זקן:

איך בין פאַרשטויסען און פאַרשאָלטען און פאַרהאַסט,
דאָך ניט פאַר׳סם׳ט פון שנאה׳ס בייזען גיפט...
די פעסט וואָס בלאטערט אויף מיין לייב,
האָט אויסגעזויגען יעדען גיפט פון זינן,




האָט איינגעזאַפּט אין זיך די ביטערקייט פון האַס,
און קיין צ ר ע ת פאַרקרעציגט ניט מיין ז ע ע ל...
קומט, לאָמיר געהן אין שטאָדט...

דער יונגער:

כדי זיי זאָלען ניט־געשטערט,
דאָס גליק געניסען וואָס איז אונז פאַרוועהרט...

דער זקן:

דאָס אונגליק זייערס וועט ניט איינברינגען
קיין טראָפּען גליק פאַר אייך...
קומט, לאָמיר געהן...

דער מיטעל־יעהריגער:

כדי זיי זאָלען פון דאָס ניי,
פאַרגעסען אונזער קאָרב מיט שפּיין? —

דער זקן:

איהר זייט די אַנקלאָגערס אין זאָלט ניט זיין
צוגלייך די ריכטער וועלכע משפּט'ן...
די האַנד וואָס טרייסעלט זיך פון הונגער־פּיין
און ראַכע־פיבער, קען ניט האַלטען גלייך,

די וואָגשאָל פון גערעכטיגקייט...
קומט, לאָמיר גערן...

דער מיטעל־יעהריגער:

כדי זיי זאָלען נאָך דער רעטונג אונז,
צוריק פאַריאָגען אין די וויסטעניי? —

דער יונגער:

און הערען וועט מען אונזער נאַכריכט בלויז
פון ווייטעז... קיינער וועט ניט קומען נאָהנט צו אונז...

דער זקן:

מיר געהען ניט צו בלייבען אין דער שטאדט,
ניט העלפען זיך, נאָר העלפען זיי...
קומט, לאָמיר געהן...

דער מיטעל־יעהריגער:

און ווען זיי וועלען דענקען גאָר,
אַז ראַבע טרייבט אונז צווישען פאָלק,
אום אָנצואוואַרפען שרעק אומזיסט? —

דער יונגער:

און ווען זיי וועלן, איידער נאָך אַ וואָרט
אַרויסגעהן וועט פון אונזער מויל,
אונז טיידטען, פאַר אַריינקומען אין שטאדט?

דער זקן:

זיי וועלען גלויבען אָדער ניט,
זיי וועלען אייך ווי שלאַנגען שטייניגען,
צי ווי מלאכים בענשען אייך מיט דאַנק.
דאָך טיידטען וועלען זיי בלויז דריי —
דריי קראַנקע מצורעים־לייט,
און מיר... מיר רעטען וועלען טויזענדער,
געזונדע, ריינע, קרעפטיגע...
קומט, לאָמיר געהן...

דער מיטעל־יעהריגער:

דאָך איך בין הונגעריג און קען ניט געהן...

דער זקן:

אַ שטיקעל טרוקען ברויט איז נאָך פאַראַן,
מיר וועלען טהיילען זיך און עסען אויפ'ן וועג...

מיר אַלע מוזען געהן כדי פון אונז,
דערגרייכען זאָל באַטש איינער אין דער צייט...

דער יונגער:

מיין פוס מיט וואונדען איז באַדעקט...

דער זקן:

צוריים דיין העמד און בינד אַרום די וואונד...
מיר מוזען אײלען אום צו קומען אין דער צייט...

אַלע:

מיר מוזען אײלען...

(די מצורעים פאַרשווינדען אין דער פינסטערניס)

1909



# פיהרערשאפט

די מעהרצאהל זייט איהר, און איהר ווילט
ער זאָל אייך רעספעקטירען,
און קלייבט איהם צום פיהרער אויס,
באַדינגט איהר ער זאָל פיהרען,

וואז איהר ווי ווילדע מדבר־פערד,
וואָלט סאַי ווי סאַי געשפרונגען...
און רעדען זאָל ער נאָר וואָס אייך
ליעגט אויף די פעבעל־צונגען —

און קוקען זאָל ער אייך אין אויג,
און אייער וואונש אַנטפלעקען,
און וואָס דעם עזעל־גומען שמעקט,
זאָל איהם דעם גאָט־מענש שמעקען —

און נאכגעהן זאָל ער כאָטש איהר ווילט
איהם זעהן אין ערשטער רייהע,
און זאָל דער פאהנע־טרעגער זיין,
און איהר די בעלי־דעה —

און שענקט איהר צעפּטער איהם און קרוין,
און זעצט איהר אויפ'ן טהראָן איהם,
די הערשער זיין ווילט איהר, און ער
אַ קעניג בלויז לפנים...

אָ פליעג־מענשען, אָ מילבען־קאָפּ,
ער וועט דעם כבוד ווייבען,
וועט צוזעהן אייער עגל־טאַנץ,
און פון געלעכטער קייכען...

און פון דער הויך אייך, שפּאָטענדיג,
אראָפּרופען: חמורים,
דער פאַסטוך וועט אין לעבען ניט,
פאַר שעפסען פאַלען כורעים...

1906

# פון אַ רעוואָלוציאָנער'ס ספּור

„...און ס'איז ניט אין אַפריקאַ געווען
וואו פון די חיות אין דעם וואַלד,
זיך לערענט אָפּ דער ווילדער מענש,
צו גלויבען בלויז אין פויסט־געוואַלט,
און בראָט זיין שונא לעבעדיג,
און פרעסט דאָס פלייש נאָך היים פון פלאַם,
און ציערט מיט שטאָלין זיין צווייג־געצעלט,
מיט טויטע קעפּ פון פרעמדען שטאַם...

„עס איז ניט אַפריקאַ געווען,
עס איז געווען אַ לאַנד, וואו לאַנג
פון טויזענד קירכען יעדען טאָג
געהערט זיך האָט דער גלאָקענקלאַנג,
און מענשען האָבען יאָהר פאַר יאָהר,
אין קריסטוס' נאָמען זיך געקוסט,
מיט ברודערליעבע אויף דער ליפּ,
און טיגער־גרויזאַמקייט אין ברוסט...

„קענט איהר, געבאָרען אין אַ לאַנד,
וואו ס'פּליסט דאָס לעבען פראַנק און פריי,
פאַרשטעהן די פּיין וואָס דריקט און גאַללט,
דעם פרייען גייסט אין שקלאַפעריי,
וואו ניט נאָר טהאַט נאָר וואָרט און בליק,
מיט שפּיאָנען־אויגען ווערט געהיט,
וואו ניט נאָר גוף נאָר הערץ און זעעל,
אין אייזען־קייטען איז פאַרשמידט ? —

„דאָך מעכטיג איז דער פרייהייטס־גייסט
און וואַקסט וואָס מעהר ער ווערט געדריקט,
און גליהט און זידט פאַרשפּאַרטערהייד
ווי הייסער דאַמפף וואָס איז פאַרשטיקט,
און ברעכט אַרויס מיט מאַכט און מוטה
דורך יעדען צוויַאַנג און יעדען צאַהם,
כאָטש ברעכען הייסט אַליין פאַרגעהן,
אַליין פאַרגעהן אין רויך און פלאַם...

„מיר זיינען הייסע קעפּ געוועזען,
און טאַנצענדיג אַוועג אין קריעג,
כאָטש איבער איטליכען פון אונז
געהאַנגען איז דעם תליין'ס שטריק,
און זים געוועזען איז דער קאַמפף,
— אין שנעל געקומען איז די שטראַף

די שטראָף פון לייב וואָס משפט צו,
די אונגליקליכע שוואַכע שאָף...
דאָך בראַוו איז אונזער הערין געווען,
דער פנים רוהיג ווי די פליכט —
דען לאַנג פון אונז האָט איטליכער,
זיך אויף זיין שוואַרצען סוף געריכט...

„נאָר שרעקליכער ווי תליה־טויט,
ווי צעהן מאָל שטאַרבען דורך דעם שווערד,
געווען איז יענער שמערץ וואָס אונז
דער שוואַרצער גורל האָט באַשערט...
„צווישען אונז געוועזען איז
אַ יונגע מיידעל מילך און בלוט,
מיט אונשולד פון אַ טירקעל־טויב,
און מיט דעם פעלזען־אדלער'ס מוטה...
און זי, ווי מיר, געגאַנגען איז
דעם לאַנגען שווערען וועג, געקייט,
דאָך די סאָלדאַטען־באַנדע האָט
מיט וואָלפען־אויגען זי באַגלייט...

„דאַן זיינען מיר אַ וואַלד פאַרביי —
אַ, ווען איך וואָלט געוואָרען בלינד,
בעפאָר איך האָב געזעהן דאָס בילד,
וואָס ווי אַ גיהנום־פלאַם אַצינד,

„מיר ברענט ווי זודיג בליי דער קאָפּ,
און גיפטיגט איטליכען געדאַנק,
און פילט מיט קללות קעגען גאָט,
און קעגען מענשען מיין פערלאַנג...

„אונז האָט מען וויט פאָראויס געיאָגט,
און אונז פון הינטען, פונ׳ם וואַלד,
דעם מיידעל׳ס שטימע האָט דערגרייכט,
זיך ראַנגלענדיג מיט טהיער־געוואַלט...

„דאַן האָט זיך יעדער מענש־געפּיהל,
וואָס האָט געשלאָגען אין מיין ברוסט
פאַרביטען אין אַ חיה׳ס וואוטה,
און הייסען האַס און ראַכע־לוסט...
דאָך שטאַרק געוועזען איז די קייט,
וואָס איז געווען אויף מיינע הענד...

„און ווידער האָב איך זי געזעהן...
דאָך האָט זי קוים מיין אויג דערקענט...
דער פּנים אַש, די אויגען בליי,
די האָאר אין קייט, און בלוט אין מויל —
נאָך שטעהט זי בולט פאַר מיין בליק
אַ בילד פון שמערץ און שרעק און גרויל...

„און ס'איז ניט אין אַפריקאַ געווען,
עס איז געװען אַ לאַנד וואו לאַנג,
פון טויזענד קירכען יעדען טאָג,
געהערט זיך האָט דער גלאָקענקלאַנג —
און מענשען האָבען יאָהר פאַר יאָהר
אין קריסטוס נאָמען זיך געקוסט,
מיט ברודערליעבע אויף דער ליפּ
און טיגער־גרויזאַמקייט אין ברוסט...“

1906



# געטרוימטער זיעג

זאָל א י ך, וואָס זיין די אייגען מיינע בלינד,
און זוך אומזיסט פון האָפֿענונג אַ שיין,
זאָל א י ך דער „קול מבשר“ ווערען דיר,
זאָל א י ך דער רופער און דער וועקער זיין?

זאָל איך דיין רוקען אויסגלייכען, ווען איך
אַ ל י י ן, פֿאַרצווייפֿעלט ליעג צוזאַמענגעקנוילט?
זאָל איך דיין וועג דיר ליכטיג אויסמאָלען,
ווען מיר אַ ל י י ן דיין דונקלע צוקונפֿט גרוילט?

דאָך ליעב איך דיך... אין ייען איך בין דיך אויס,
אין העלדען־קלייד, אין העלען שלאַכט־מונדיר,
ווען כ׳טהו אַ קיווער אָן דיין זקן־קאָפּ,
און דיינע גראָע האָאר מיט קרענין פֿאַרציער,

דאַן קוועל איך פון באַוואונדערונג, מיין ריעז,
און בייג מיין קניע מיט אַכפֿערונג, און שפּיר

ווי ס'פלאַמט אין מיינע אָדערען דאָס בלוט
פון לויטער שמחה, און איך גלויב אין דיר...

איך גלויב אין דיר... און איידער נאָך דו האָסט
דיין ראָסטיג שווערד פון שייד אַרויסגעבראַכט,
באַזינגג איך שוין די גבורות, וואָס דו האָסט
באַוויזען כלומרשט אויפ'ן פעלד פון שלאַכט...

און טאַנץ פּאָראויס מיט צימבעל און מיט פּויק,
און זאָג דער וועלט דיין שמשון־יחוס אָן,
און מאַך דיך שטאָלץ, און פיהל אַליין זיך שטאָלץ,
וואָס כ'בין געוועהלט דער טרעגער פון דיין פאָהן.

דען גלוטיג ליעב איך דיך... און ליעבענדיג
מיין יאוש־וועהטאָג אין מיין ברוסט פאַרשטיק,
און טרייסט זיך אַז נצחונות ווירקליכע
באַשאַפען וועט מיין בלויז געטרוימטער זיעג...

1906

# דור ומנהיגו

---

איך ווייס ניט וואו איך האָב געהערט,
דאָך ס'זומט אין מיין געהירען:
מיט יעדען דור געבאָרען ווערט,
אַ מאַן דעם דור צו פיהרען.

אַ מאַן מיט גלוטה, אַ מאַן מיט מוטה,
וואָס טראָגט דעם פיהרער'ס חתימה,
אין ליפּען־צוג און שטערען־קנייטש,
אין בליק און אין דער שטימע...

אַ פּרינץ, אַ קעניג אָהן אַ קרוין,
וואָס קען מיט פעסטע פינגער,
אי הערשער, אי באַפרייער זיין,
אי גואל, אי באַצווינגער...

און ס'זוכט דאָס פאָלק... און ס'וואַרט דער העלד,
און זויל עס גאָט פאַרגינגען,
דאַן וועט אין רעכטער צייט און אָרט,
דאָס פּאָאר שוין זיך געפינען...

און ווען דער בייזער מזל וויל,
בלייבט יענער העלד פאַרבאָרגען,
ווערט יענע גרויסע גואל־מאַכט,
אין דונקעלהייט דערוואָרגען...

און ס'וואַנדערט אום דאָס פאָלק אָהן ליכט,
און בלאָנדזשעט אום פאַרשאָלטען,
און זוכט און טרעפט איהם קיינמאָל ניט —
דעם פיהרער דעם געזאָלטען...

1907



# אַן אַלבּום פּאָלק

מיין פריינד פון פּאַלעסטינאַ שיקט
מיר צו אַ בוך מיט בלומען,
פון ציון׳ס פּעלדער אויסגעפּליקט,
פון חרמון־באַרג גענומען.

ווי הארציג־זיס, ווי מלא חן!...
אַ פּאַרבען־רעגענבויגען...
איך שמייכעל פריידיג דורך געוויין,
און נעהם ניט אָב די אויגען.

מיין פריינד, ער שרייבט מיר: „חבר מיין,
„דאָס זיינען אונזערע בליטהען,
„און קענסטו ניט אין יהודה זיין,
„די בלומען זאָלסט כאָטש היטען.

„זאָל בלאַט און קווייט מיט פרישער קראַפט,
„דיין יאוש־פּוסטקייט פּילען.
„זאָל פאַרב און דופט, ווי באַלזאַם־זאַפט,
„דעם שמערין פון צווייפעל שטילען...“

אָ חבר, כ׳ווייס, ווי קרח־רייך
מיר זיינען, גאָט צו דאַנקען,
מיר האָבען אוצרות אָהן פאַרגלייך,
פאַרפאַקט אין ספרים־שראַנקען...

מיר האָבען בלומען אָהן אַ שיעור,
די טהייערסטע, די בעסטע,
מיר האָבען קווייטען סאַמע בחיר —
אין בוך צונויפגעפרעסטע...

מיש בלאַט פאַר בלאַט און ווער דערקוויקט,
קוק אָן ווי שען געפאָרבען...
דאָס לעבען אָבער?... ס׳איז דערשטיקט —
אַ בלומענוועלט געשטאָרבען...

אָ חבר מיין, דאָס איז דער פלוך
וואָס ליעגט אויף אונז פון יאָהרען,
מיר זיינען בלויז אַ פּאָלק פון בוך,
אַן אַלבום־פּאָלק געוואָרען...

1907



# ציון-ליעבע

אײן פיכטענבױם שטעהט אײנזאַם...
ער טרױמט פון אײנער פּאַלמע,
די פערן אין מאָרגענלאַנד...
(הײנע).

---

עס װאַקסט אַ בױם אין מאָרגענלאַנד,
פאַר טױזענד מײלען װײט,
אַ צװײטער װאַקסט אין צפון־לאַנד,
אין שטילער אײנזאַמקײט...

דאָך װען דער פריהלינג־װינד קומט אָן,
מיט שטראַהלען און מיט דופט,
דאַן טראָגען זיך פון בױם צו בױם,
גערוסען אין דער לופט...

דאַן בליהט דער בוים אין צפון־לאַנד,
אונ פיהלט דעם פעסטען באַנד,
וואָס קניפּט איהם צו דעם חבר־בוים,
אין וויטען מזרח־לאַנד...

פון ציון אויך, זיך טראָגט אַ הויך,
מען הערט און שפּירט איהם קוים,
ער גריסט און קוסט, אין יעדע ברוסט,
אַריין אַ גאָלד'נעם טרוים...

און הערצער פיעל, וואָס זיינען שטיל,
געווען אַ לאַנגע צייט,
זיי בליהען אויף, זיי גליהען אויף,
מיט פרישער מוטהיגקייט...

און ס'בענקט דער איד, פון נאָרד און זיד,
און וואו ער איז צושפּרייט,
עס האַלט איהם פעסט, צום אַלטען נעסט,
אַ'ן אונזיכטבאַרע קייט...

1892



# די האַאַגער קירכענגלאָקען

לכבוד דעם ציוניסטישען קאָנגרעס אין האַאַג
האָבען די קירכען־גלאָקען פון דער שטאָדט
אויסגעקלונגען די „התקוה“.
(פון די צייטונגען).

---

אהער ווי קלאָר,
אין זיסען כאָר,
די קירכענגלאָקען קלינגען:
קלינג, קלאַנג, קלינג קלונג,
מיט קופּער־צונג
אַ אידיש פאָלקסליעד זינגען...

האָט ווען אַ טאָן אַ הייסערער
דורכגליהט די מאָרגענקעלט? —
האָט ווען אַ קלאַנג א זיסערער
פון גלאָקענמויל געטרעלט —
געהערט ווען אַזאַ פ ע ס ט ־ ליעד האָט
די וואָכעדיגע וועלט? —

אָ, הער ווי מילד,
עס שאַללט און שפּיעלט,
אַ קריסטען־גלאָק פאַר אידען,
דין דאָן, דין דאָן,
דער טאָג קומט אָן,
פון בריעדערשאַפּט און פריעדען...

און ניט אין פריעדענס־קאָנפערענצן,
— וואָס אין די האַאַגער האַללען
ניט אין די שעהנע פּראַזען־בערג,
— וואָס זיינען דאָרט געפאַלען
די שלום־בשורה קלינגט און הילכט
אין יענע גלאָקען־שאַללען...

1907



# פון אַ בריעף

...אין ווילסטו וויסען, וואָס איך פעהלט, מיין פריינד? —
אַ פיהרער אפשר? — ניין, מיר שיינט,
איהר האָט שוין צופיעל קאָמאַנדירען —
נאָר וועמען, זאָג מיר, וועט איהר פיהרען
ווען קיינער וויל ניט זיין סאָלדאַט,
און יעדער גיט צום קריעג זיין ראַטה;
ווען יעדער תלמיד קליגער איז פון רבי'ן,
און שטאט צו פאָלגען, איבערגעבען,
און מיט זיין ראָליע זיין צופריעדען —
זוכט נייע פלענער אויסצושמידען;
און גיט איך מות וואו איהר דאַרפט,
אַ שטאַרקע האַנד, אַ שווערד געשאַרפט;
און גאָרניט טהונדיג, פּרעדיגט גלאַט,
די פּראָפּאַגאַנדאַ פון דער טהאַט;
און האַלט זיך תמיד אין איין גרייטען,
אין פּאַטשען בראַוואָ צו די שלאַכט־טראָמפּייטען;
און איידער נאָך ער געהט אין קריג,
איז יוצא מיט דער קריעגס־מוזיק...

דו זאָגסט איהר וואַקסט... איבּ וואַקסען הייסט, אין צווייען
זיך שפּאַלטען, אין ציטהיילען איהן פאַרטייען,
צוליעב אַ פּינטעלע, צוליעב אַ תפל...
דער אונטערשיעד פון ב ו ל ב ע ביז ק אַ ר ט אָ פ ע ל,
דער הוילק צווישען שריק און מאַלופן (מלאפּים),
איז שוין גענוג צו מאַכען נייע גרופּען,
מיט נייע קלייזלעך און אַ נייעם חזן,
מיט נייע זיבען־גאָרענדיגע פראַזען,
מיט נעמען לאַנגע ווי דער גלות פון מצרים,
און מיט אַ ר א ש י ־ ת ב ו ת'ל אַ שפּאָגעל־נייעם,
מיט הונדערט־אַבּאָנענטיגע אָרגאַנען,
וואָס שפּראָצען גיך און גיכער נאָך פאַרוויאַנען,
וואו מ'אַקערט ים, און וואו מען זעעט דעם ווינד,
און זאַמעלט גאַרבען פון פאַפּיער און טינט...

וואָס פעהלט איך?... ס'פעהלט דער עיקר ברידער.
וואָס מעהרער אַ ר ב י י ט און וואָס ווענינער ג ע ר ו ד ע ר.
וואָס וועניגער ערקלערונג פון פרינציפּען,
וואָס מעהר די ה ע נ ה, וואָס וועניגער די ל י פּ ע ן.
וואָס מעהר פאַראייניגונג און בינדונג,
וואָס וועניגער פאַרטייען־גרינדונג.
וואָס מינדער רעפעראַטען און דעבאַטען,
און ט ה אַ ט ע ן מעהר און מעהרער ר ע ז ו ל ט אַ ט ע ן...

1907

# מיין ניט בּעצאָהלטער חוב

עס הענגט אויף מיין קאָפּ ווי אַ חמאַרע
דיין פינסטערער גורל, מיין אומה,
עס גלאָצען מיך אָן וואו איך קעהר זיך,
דיינ׳ אויגען, פאַרוויינטע און שטומע...

זיי זעה איך בּיינאַכט אויף מיין קישען,
אין פיבּער־צוריסענעם שלומער,
זיי שווימען אַרום אין דער פינסטער,
ווי שטערען פון אומגליק אַרום מיר...

און זוך איך אין לעבּענס־געטומעל,
מחשבות פון נאַכט צו פאַרטרייבען,
מיך בּריהען און גליהען די אויגען,
און כ׳קען זיך קיין רוה ניט ערלויבען...

צי איז דאָס אַ פאַרזואורף אַ בייזער,
וואָס מוסר'ט מיין פוילע נשמה? —
צי איז דאָס אַ שלאַכט־רוף וואָס מאָהנט מיך,
צו צאָהלען מיין פליכט פון מלחמה?...

איך בין אַ בעל־חוב דיר אַ גרויסער,
מיין אָרעמעס פאָלק, און וואָלט געוועך,
מיין גאַנצעס פאַרמעגען דיר געבען —
כ'פאַרמאָג אָבער מעהר ניט ווי ט ר ע ר ע ן...

1907



# אַ ליכטעל דא אַ ליכטעל דאָרט

(אַ חנוכה־ליעד)

---

און דורך דער גאַנצער גלות־וועלט,
וואו ס'אידיש פאָלק געפינט אַ נעסט,
היינט פייערט מען מיט ליכט אָהן צאָהל,
דאָס אַלטע חשמונאים־פעסט...

עס בליצט אַ שטערען דורך דער נאַכט...
מכבי'ם שטאָלצער העלדען־גייסט,
באַגורטעלט מיט זיין גבור־שווערד,
ארויס פון קבר זיינעם שפרייזט...

און פון דער צוקונפט איהם באַגריסט,
אַ העלער שאַלענדער טראָמפּייט,
און ס'שפּרינגט דאָס הערץ, דער מוח גליהט,
מיט ווילדען מוטה, מיט קעמפּפער־פרייד...

אַ גרויסעס פּעסט, אַ שענעס פּעסט,
אוּן ליכטלעך טויזענדער צוּשפּרייט —
אָ, ווען מען וואָלט פוּן אַלע נאָר
איין גרויסען קנויט צונויפגעדרעהט !...

א י י ן גרויסען שטאַרקען ריעזענקנויט,
געצונדען פוּן א י י ן ריעזענהאַנד,
וואָס וואַרפט זיין ליכט אויף בלויז איין וועג,
צו בלויז איין ציעל, אוּן בלויז איין לאַנד...

דאָך ס'איז אַ ליכטעל דאָ אוּן דאָרט,
אוּן דאָ אַ פוּנק אוּן דאָרט אַ שיין,
אוּן יעדער זינגט זיין „מעוז צור“,
ווי איהם געפעלט, ווי איהם פאַלט איין...

אַ ליכטעל דאָ, אַ ליכטעל דאָרט,
אַ פלעמעלע אין יעדען הויז,
וואָס ברענט אַ ל י י ן אוּן צאַנקט אַ ל י י ן,
אוּן לעשט אַליין זיך לאַנגזאַם אויס...

1908

# שבט ראובן און שבט גד

האחיכם יבאו למלחמה
ואתם תשבו פה? —
(במדבר לב.)

---

עס איז געוועזן אין יענע שווערע טעג,
ווען אָנגעגרייט זיך האָט דאָס וואַנדער־פאָלק,
מיט פיס געשוואָלען, קראַנק און מיעד,
אַריינצוטרעטען אין דאָס לאַנד כנען,
וואו יעדער טריט או יעדער שפּאַן פון ערד,
באַצוואונגען ווערען האָט געזאָלט,
מיט שווערד אין האַנד, מיט העלדען־בלוט...

דאַן פאַר דעם צעלט פון הייליגען פּראָפעט,
פאַרזאַמעלט האָבען זיך די זיהן,
פון שבט ראובן און פון שבט גד,
און אויף דעם פיהרער'ס אויער איז
געפאַלען, זייער דרינגענדעס געבעט: —

„מיט רינדער און מיט קיה באַשאָנקען האָט אונז גאָט,
„מיט איזלען און מיט קעמלען און מיט שאָף.
„עס שפּרייט זיך אונזער סטאַדע איבער באַרג און טהאָל,
„און פרוכפּערט זיך און מעהרט זיך וואָס אַ טאָג...
„און גרין און זאַפּטיג איז דאָס גראָז,
„פון גלעד'ס און פון יעזר'ס פעטער ערד,
„וואו מיר און אונזער פיה,
„געפינען זיך אַצינד...
„לאָז אונז געניסען אונזער גליק און רוה,
„לאָז אונז אויף ד ע ר זייט ירדן זיין...
„און אָ ה ן אונז זאָל דאָס פאָלק,
„געהן אין דאָס לאַנד כנען..."

געשטאַנען ווי אַ הויכער זייל פון ליכט,
איז משה אין דעם שוואַרצען מענשען־שטראָם,
מיט צאָרען האַלב און מיט רחמנות האַלב,
געפאַלען איז זיין שטראַהלענדיגער בליק,
אויף שבט ראובן און אויף שבט גד,
און ווי אַ שופר הילכיג העל,
געזוועזען איז זיין קעהל,
ווען ער געענטפערט האָט: —
„דאָס לאַנד פון גלעד איז,
„מיט לאַנקעס זאַפּטיגע באַדעקט,

„און אייך האָט גאָט,
„מיט רינדער און מיט שאָף באַטהיילט...
„דאָך יענע שבטים דאָרט,
„אין צעלטען פון צוריסענעם געוואַנד —
„זיי האָבען גאָרנישט... און פאַר זיי,
„די רוה די איינציגע,
„דאָס איינציג קערענעל פון גליק,
„איז אויף דער אַנדער זייט פון ירדן־טייך...
„און הונגער־טעג און פיבער־נעכט,
„און קאַמפף און נויט און מאַטערנים,
„און וויסטע שרעק און ציטערנים,
„נאָך ליעגען צווישען זיי און יענעם לאַנד,
„וואו זייער וואַנדער־פוס וועט אָפּרוהען...
„וואו פונ׳ם רעגען און פון קעלט,
„זיי שיצען וועט אַ היימיש דאַך...

„דאָס לאַנד פון גלעד איז געבענשט,
„די ערד איז פרוכטבאַר און די לופט געווירצט,
„דאָך קיינער פון דעם שבט גד,
„און קיינער פון דעם שבט ראובן זאָל,
„געניסען פון זיין פיה די פרוכט,
„און קליידען זיך אין זיינע לעמער׳ס וואָל,
„ביז יעדער שבט האָט זיין נעסט דערגרייכט,
„ביז יעדער שטאַם געקריגען האָט זיין טהייל...

„אַ זיהן פון ראובן או פון גד,
„איך האָט מיט רייכטהום גאָט געבענשט,
„דאָך דאַרטען ווערט אַן אָרעם פאָלק,
„און אייער ברודערהאַנד באַדאַרף...
„און איהר זאָלט געהן מיט זיי,
„מיט זיי צוגלייך... ניין, נ י ט צ ו ג ל י י ך,
„פ אַ ר א ו י ס פ אַ ר אַ ל ע זאָלט איהר געהן,
„ די פ א ה נ ע ־ ט ר א ג ע ר ס זאָלט איהר זיין,
„די ע ר ש ט ע פ י ה ר ע ר ס אין דאָס לאַנד כנען...“

1909

# אַ מאָטטאָ

(צו דעם קאָנגרעס פון די פּוע"צ אין שיקאַגאָ.)

---

אָהן גאַס־מוזיק, אָהן פּויקענקלאַנג,
אונ אָהן געשרייען,
אָהן פּראַזען־גלוט, אָהן ווערטער־רויך,
אָהן פּאהנעס־וועהען,
אָהן האָזען־מוטה, אָהן גאַלאַ־גלאַנץ,
פון פּוץ־אַרמייען —

נאָר שטילערהייד, און מאַן צו מאַן,
אין פעסטע רייהען,
מיט גליעדער גרייט צום שווערען ווערק,
און פיס וואָס געהען,
מיט פינגער שטאַרק צום אַקערען,
און הענד צום זעען...

1909

# און איצטער?

דורך קרומע וועגען בלאָנדזשענדיג,
אין פינסטערנים, אין נויט און אַנגסט,
אויף אויסגעדאַרטע שולטערען,
געטראָגען האָבען זיי,
דעם ארון אין דער הויך...
און קיינער פון דער וויסטער קאַראַוואַן,
האָט ניט געשטעלט זיך און געפרעגט:
„וואָס טראָגען מיר אין ארון צוגעדעקט?
„געפינען זיך גאָט'ס לוחות דאָרט?
„צי דריקט אויף אונזער אַקסעל בלויז,
„די משא פון אַ בר־מנן?"

און קיינער האָט ניט אָפּגעדעקט,
פון ארון דאָס פרוכת־טוך,
נאָר אויג און הערץ געהאַנגען איז,
אויף דאָס געהיימע הייליגטהום,
און אויג און הערץ געטרונקען האָט,
פון איהם אַ וואונדער־קראַפט...

ביז איהר געקומען זייט...
און איהר זייט — האָט איהר קומענדיג געזאָגט —
די אָנזאָגער פון ליכט,
די שטאַרקע אָדלערס פון דער צוקונפט,
און זיי האָט איהר „די קריכ־טהיערען פון נאַכט“,
די „קנעכט פון דער פאַרגאַנגענהייט“ גערופען...
און דאַן האָט איהר דאָס פריסטערטהום,
אין אייער האַנד גענומען,
און צוגעמאַכט — געזאָגט האָט איהר —
ניט מעהר זאָל יענער ארון זיין,
ניט מעהר אַ'ן אַלטע הייליגקייט,
ניט מעהר אַ באַלזאַמירטער סוד...

און איהר — די אָנזאָגער פון ליכט —
האָט אויפגעמאַכט דעם ארון'ס דעק,
(אַזוי האָט איהר געזאָגט)
און זיי באַוויזען האָט איהר דאַן,
אַ העל־געפאַרבטע פאָהן...

אָט איז דעם ארון'ס לאַנג־פאַרהילטער שאַין...
איצט זאָל עס אין די ווינטען פלאַטערען,
איצט זאָל עס וועהען אַלס אַ וועג־סיגנאַל
(אַזוי האָט איהר געזאָגט).

און אַלע האָבען אייער פּאָהן געבענשט,
און אייך געבענשט,
און פון די הערצער איז
פאַרשוואונדען, ווי ס'פאַרשווינדט אַ גייסט,
דער סוד דער טויזענד־יאָהריגער,
דאָס בענקען און דער טרוים־גלויבען...

דען איהר געגאַנגען זייט פאָראויס,
און שטאָלץ געפּאַכט האָט מיט'ן ווינד,
די פּאָהן — דער וועג־ווייזער...
און ווער האָט איצט זיך אויפגעשטעלט געקענט,
און פרעגען: טראָגען מיר אַ ב ר ־ מ נ ך,
צי ל ו ח ו ת ה י י ל י ג ע?...
עס איז געווען אַ פּאָהן — אַ ו ו ע ג ־ ו ו י י ז ע ר,
קיין מת ניט און קיין הייליגקייט...

און דאַן האָט עפּעס אָדער אימיצער,
אַראָפּגעריסען אייער פּאָהן,
און איהר — די אָנזאָגער פון ליכט —
וואָס וועט איהר א י צ ט ע ר טהאָן?...

וואָס וועט איהר זאָגען זיי,
דער וויסטער קאַראַוואַן?
וואָס וועט איהר געבען שטאָט דעם סוד,
וואָס קיינער האָט ניט אָפּגעדעקט,
און יעדער האָט אין ברוסט געפּיהלט?...

1909



# פון אָמאַר כאַיאַם*)

---

ערוואַך ! די זונן וואָס לויפען האָט געמאַכט,

די שטערען־סטאַדעס פון דעם פעלד פון נאַכט,

טרייבט אויך די נאַכט פון הימעל, און שוין טרעפט

דעם סולטאַן׳ס שלאָס איהר פייל פון ליכט און פראַכט...

*) אָמאַר כאַיאַם, אַסטראָנאָם, פילאָזאָף און דיכטער, איז געבאָרען געוואָרען אין דער שטאָדט נעשאַפאָר, אין לאַנד פון חאָראַסאַן, אין דער צווייטער העלפט פון 11טען יאָהרהונדערט, און איז געשטאָרבען אין אָנהויב פון 12טען יאָהרהונדערט. אַזוי ווי אונזער „קהלת׳ן“, אַזוי האָבען אויך איהם זיינע פיעלע קענטעניסען און זיין פילאָזאָפישע דורכ־דרינגליכקייט געבראַכט צו דעם טרויעריגען רעזולטאַט פון „הבל הבלים הכל הבל“. זייענדיג אָבער מעהר דיכטער ווי פילאָזאָף, אַזוי ווי אונזער קהלת איז געוועזען מעהר דענקער ווי פּאָעט, געפינט ער די שעהנקייט פון לעבען אין די „חיי שעה“, אין דעם פּאָעטישען גענוס פון אַנשויליכקייט, און אין פאָלקאָמענער פרייהייט און אונאַבהענגיגקייט.

דאָס בוך פון כאַיאַם (רובאַיאַט), פון וועלכע די איבערזעצטע סטראָ־פען זיינען אַרויסגענומען, איז ערשט אַריינגעבראַכט געוואָרען אין די

* *
*

פאַרשװאונדען קוים איז מאָרגענ׳ס שר־געשטאַלט,
װען פון דעם גאַסט־הויז האָט אַ שטים געשאַלט:
„דער טעמפּעל אינװעניג איז גרייט, װאָס װאַרט
„דער גאַסט פאַרשלאָפען און זיך דרויסען האַלט?“

* *
*

און עהדער ס׳האָט דער האָהן געקרעהט, אַרום
דעם הויז געשריען האָבען אַלע: „קום!
„מאַך אויף די טהיר, מיר בלייבען דאָ ניט לאַנג,
„און שיידענדיג, זיך קעהרען מיר ניט אום.“

---

אייראָפּעאישע ליטעראַטור אין לעצטען יאָהרהונדערט, דורך דעם ענגלישען דיכטער עדוואַרד פיטצזשעראַלד, אַ פערזענליכען פריינד פון לאָרד טעניסאָן, און איז זינט דאַמאָלס געוואָרען אַנערקענט אַלס קלאַסישעס ווערק.

מיר דאַרפען נאָך אין זינען האָבען יענעם אונטערשיעד צווישען כאַיאַם און קהלת, וואָס ערקלעהרט אין אַ געוויסען זין די אַנזיכטס־פערשיעדענהייט, נעמליך: דעם אָרימען שטאַנד, פון וועלכען דער „געצעלט־מאַכער“ (כאַיאַם מיינט: געצעלט־מאַכער) שטאַמט און זיין ממילא־דיגע אָריםקייט, און דעם קעניג־שטאַנד פון קהלת, וואָס האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון אָרימקייט און האָט לכתחלה אָנגעהויבען מיט אַ לעבען פון אַלע תענוגים.

* *
*

ניטאָ איראַם מעהר מיט זיין רויזען־שאַין,
פון יאַמשיד׳ס צויבער־כוס ווער וויים דעם פּלאַטין? —
דאָך פונקעלט נאָך אין וויינטרויב דער רובין,
פיעל גערטנער בליהען אויף דעם וואַסער׳ס לאַטין.

* *
*

קום, פיל דעם כוס, אין פלאַם פון פריהלינגס־פרייד,
פאַרברען חרטה׳ס קאַלטע ווינטער־קלייד;
צייט׳ס פויגעל פלאַטערט אום אַ וויל,
און באַלד שוין איז אַוועקצופליהען גרייט.

* *
*

אין נעשאַפּאָר, צי וויים אין בבל־לאַנד,
צי זים דער כוס, צי ביטער ביז׳ן ראַנד —
דעם לעבען׳ס ווין רינט טראָפּענס־וויז אַרויס,
דעם לעבען׳ס בלעטער פאַלען נאָכאַנאַנד.

* *
*

זאָגסט יעדער טאָג ברינגט רויזען גאַנצע פעק,
וואו אָבער איז די רויז פון נעכטען? — פרעג,
און יענער תמוז וואָס ברינגט רויזען ד י ר,
נעהמט קייקאָבאַד און יאַמשיד׳ן אַוועק.

*      *
*

און זאָל ער נעהמען — וואָס צו טהון האָסט דו,
מיט קייקאָבאַד צי מיט אַ קייכאָסרו.
זאָל זאַל און ראַסטום אָנמאַכען אַ רעש,
זאָל האַ'טים באַלעווען — קוק זיי ניט צו.

*      *
*

קום מיט וואו בלויז אַ שמאָלעס גרעזיל צאַמט
פאַרזעעטע פעלדער אָפּ פון מדבר־זאַמד,
וואו שקלאַף און סולטאַן ווערען ניט דערמאָנט —
און כ'בין דעם קעניג מוחל טהראָן און אַמט.

*      *
*

אַ ליעדער־בוך, אַ שאָטענבוים, דערצו
אַ לאָגעל וויין, אַ לעבעל ברויט, און דו
מיר ביי דער זייט, אין מדבר זינגענדיג —
מיין מדבר וואָלט געווען גן־עדן רוה.

*      *
*

טהייל יאַגען זיך נאָך כבוד אויף דער ערד,
טהייל נאָך גן־עדן וואָס מאַהמעד באַשערט —
דו נעהם מזומן בלויז, ניט טרוי אויף באָרג,
ניט האָרך דעם פויק וואָס פון דער ווייט זיך הערט.

* *
*

קוק אָן די רויז וואָס בליהט, זי זאָגט: איך קום
אויף דער וועלט לאַכענדיג און פֿיל פּאַרפום,
צוריים די זייד־פּרענדז פון מיין בשמים־זאַק,
און וואַרף די אוצרות מיינע רונד אַרום.

* *
*

די האָפענונג וואָס הערצער ציהט מיט ג׳וואַלט
ווערט אַש — און אויב זי איז מצליח, פאַלט
ווי שנעע וואָס אויפ׳ן מדבר׳ס שטויב־געזיכט
גלאַנצט איין שטונד, צוויי, און ווערט פאַרשוואונדען באַלד.

* *
*

דאָ אין דעם אַלטען גאסט־הויז — גיב אַ טראַכט —
וואָס זיינע טהירען זיינען טאָג און נאַכט,
איין סולטאַן נאָכ׳ן צווייטען האָט פאַרווײלט
אַ שעה, און איז פאַרשוואונדען מיט זיין פּראַכט.

* *
*

עס וואויהנט דער לייב, די שלאַנג קריכט אויף דער ערד,
וואו קעניג יאַמשיד האָט זיין כוס געלעערט,

אין אויף דעם יעגער באַהראַם'ס קאָפּ טרעט אום
דער אייזעל, און — ער שלומערט אונגעשטערט.

*   *
*

מיר דאַכט אָפּט, אַז די שענסטע רויטסטע רויז,
אַרויסשפּראָצען פון צעזאַר'ס בלוט קען בלויז,
דעם גאָרטען'ס שענסטע קוויט איז פון אַ קאָפּ
פול חן, אַראָפּגעפּאַלען אין זיין שויס.

*   *
*

דאָס וויינ־מחיה'דיגע גראָז וואָס דעקט
דעם טייך־ברעג, וואו מיר ליעגען אויסגעשטרעקט —
ניט דריק עס אָן צו שווער, ווער ווייסט
וואָס פאַר אַ שעהנע ליפּ זיין וואָרצעל לעקט? —

*   *
*

אַ ליעבסטע, פיל דעם בעכער אין פאַרמעק,
פון היינט, דעם עבר'ס שמערץ, דער צוקונפט'ס שרעק,
און מארגען — מאָרגען זועל איך אויך שוין זיין,
מיט נעכטען'ס זיעבען טויזענד יאָהר אַוועק.

* *
*

געליעבטע פריינד, די שענסטע בעסטע געסט,
וואָס צייט האָט פון איהר וויינשטאָק אויסגעפּרעסט,
געטרונקען האָבען איין כוס, צוויי, און דאַן
פאַרקראָכען איינציגווייז אין שטילען נעסט.

* *
*

און מיר וואָס הוליען דאָ אויף זייער פּלאַטץ,
ווען זומער ברינגט אַ נייעם בלומענשאַץ —
מיר וועלען ליעגען אויך מיט ערד פאַרבעט,
מיר אויך — ווער וויים פאַר ועמען ? — אַ מאַטראַץ.

* *
*

אַלץ וואָס דו האָסט, פאַרנוץ עס און פאַרוועגד,
בעפאָר דו ווערען וועסט אויף שטויב פאַרלענט,
אַ שטויב אויף שטויב — באַגראָבען אונטער שטויב,
אָהן וויין, אָהן ג'זאַנג, אָהן ליעדער, און — אָהן ענד.

* *
*

פון אַלע קלוגע און פרומע וואָס באַקלערט
דיביידע וועלטען האָבען, יעדער ווערט
אַלץ נאַרישער פראָפעט פאַרשטויסען, און
זיין וואָרט ווערט שפּאָט, זיין מויל פאַרשטיקט מיט ערד.

* *
*

וועז יונג, אַ'ן אָפּטער אורח פלעג איך זיין
ביי די געלעהרטע, און געהערט זיי, פיין
זיך פּלפּול'ענדיג — דאָך אַלע מאָל,
אַרויס בין איך דורך וואַנען כ'בין אַריין.

* *
*

דער חכמה'ס זאאט פאַרזייעט האָב איך ביי זיי,
און כ'האָב אַליין געמאַטערט זיך כדי
ס'זאָל וואַקסען, און — מיין גאַנצע תבואה איז:
איך קום ווי וואַסער און ווי ווינד פאַרגעה.

* *
*

כ'קום ווי דער טייך, געצוואונגען אויף מיין וועג,
ניט וויסענדיג „פון וואַנען", ניט דעם צוועק;
און געה צומאָל ניט וויסענדיג „וואוהין",
צי כ'וויל, צי ניט, ווי מדבר־ווינד אַוועק...

* *
*

פון דר'ערד, דורך זיבען טויערען האָב איך,
צום טהראָן סאַטורן'ס אויפגעהויבען זיך,
און קניפּ פיעל אָפּגעקניפּט אין וועג — דער קנופּ
פון מענשען'ס גורל איז צו שטאַרק פאַר מיך.

*　*
*

דאָ איז די טהיר וואָס כ׳קען ניט עפענען
געזוען, דאָס טוך דורך וועלכען כ׳קען ניט זעהן,
אַ קורין געררייד פון „מיר“ און „דיר“ — און מעהר
קיין שפּור איז ניט פון „דיר“ און „מיר“ געזוען.

*　*
*

דאַן צו דער ליפּ פון לעהם־כוס אָנגעשפּאַרט,
פון איהם האָב איך דעם לעבענ׳ס סוד דערוואַרט;
און ליפּ צו ליפּ געזאָגט האָט ער: טרינק איצט,
דו קעהרסט ניט אום ווען דיך די גרוב פאַרשפּאַרט.

1906



# סאַקיאַ מוני*)

(איבערזעצט פון מ ע ר ע ז ש ק אָ ו ו ס ק י.)

---

דורך די בערג אויף דונקלע פעלזען־וועגען,
אין אַן אָסיען־שטורעם ווילד און וויסט,
פון דער ווייט געוואַנדערט האָבען בעטלער,
צו די ברעגעס וואו דער גאַנגעס פליסט.
טראַנטעס האָבען צוגעדעקט די גליעדער,
דאַר, פאַרברוינט פון זוּנה, און דורכגערעגענט;
צווויי טעג ניט געזעהן קיין פריינדליך דאַך שוין,
צווויי טעג ניט קיין פייערל באַגעגענט...

---

*) „סאַקיאַ מוני" איז איינע פון די געשטאַלטען פון בודהאַ, דעם גאָט־מענש פון די הינדוס.

פלוצלינג... דורך דעם שוואַרצען שטורעם־טאַנץ,
אויפגעשימערט האָט פאַר זיי אַ גלאַנץ...
ס'שטעהט אַ טעמפּעל... און די בעטלער איילען
זיך צו שיצען צווישען זיינע זיילען.
אויפגעטהורעמט דאָרטען אויף אַ טהראָן שטעהט,
סאַקיאַ מוני'ס בילד — אַ שטיין־גיגאַנט,
אויף זיין קאָפּ אַ קרוין פון פאָרפיר טראָגט ער,
אויף דער קרוין — אַ ריעזיגען בריליאַנט...

„ברידער — פון די בעטלער איינער רעדט —
„פינסטער איז די נאַכט און קיינער זעהט ;
„ברויט און קליידער פיעל איהר ווילט אַליין,
„געבען וועט מען פאַר דעם עדעלשטיין...
„ב ו ד ה אַ דאַרף איהם נ י ט... דער הימעל־קעניג
„האָט בריליאַנטען אָהן שיעור,
„אָנגעאַכטעלט אין די קלאָרע הימלען,
„אין אַ גרויסען בעקען פון סאַפיר...."

אַ סיגנאַל... און אין דער פינסטער שוין
גנב'ען זיך די בעטלער צו דער קרוין...
אָבער קוים האָט, טרייסלענדיג, אַ האַנד
אָנגעריהרט דעם הייליגען דיאַמאַנט —
האָט אַ ווינד מיט בליץ און דונער־קול,
הילכענדיג אין עכאָס אָהן אַ צאָהל,

אָבגעשלײדערט זײ צוריק מיט כעס...

יעדער איז געװען געלעהמט אין בלאַס...

אײנער אָבער פון די בעטלער שפּרײזט
שטאָלץ צו בודהאַ'ן, און ער זאָגט איהם דרײסט:
„א ו נ ר ע כ ט האָסטו, האַר פון אַלע האַרען,
„אָדער פלעגען אונז די פּריסטער נ אַ ר ע ן,
„מאָלענדיג דײן גוטסקײט און דײן ליעבע,
„װעלכע לינדערט אַלע שמערצען טריבע,
„און װי העלער, מילדער זונענשײן,
„טרײבט פאַנאַנדער יעדער הונקלע פּײן?....

„דו זאָלסט שטראָפען פאַר אַ ד י מ ע נ ט־רױב,
„בעטלער ליעגענדיג פאַר דיר אין שטױב?...
„בליצסט אין הונערסט, און דער גאַנצער רעש איז,
„אויף אַ הויפען עלענדע נפשות....
„שעם דיך, שעם דיך, הערשער פונ'ם הימעל!
„מעכטיג, גרױזאַם, קומסטו מיט געטימעל,
„אָפּנעהמען דעם קבצן'ס דאַרען ביסען...
„װעלטען־קעניג, מעגסט דײן בלײך־פּײל שיסען,
„כ'שטעה מיט שטאָלץ פאַר דיר, איך בין דײן גלײכען,
„כ'הויב מײן קאָפּ און בין ניט מעהר דײן קנעכט...
„כ'קלאָג דיך אָן פאַר אַלע הימעל־רײכען —
„װעלט־רעגיערער, דו ביזט א ו נ ג ע ר ע כ ט..."

ס׳שװײַגט דער בעטלער... פּלוצלינג פֿאַר די אױגען
פֿון די בעטלער איז אַ נס געשעהן,
נאָהנט פֿון זײ איז איצט דער שטײן געװען....
סאַקיאַ מוני האָט זיך אײנגעבױגען,
מיט דער קרױן פֿון פּאָרפֿיר, ביז דער ערד...
ע ר, דער גאָט צו װעמען אַ ל י ן געהערט,
נכנע׳דיג און מילד געשטאַנען איז
אױף די קני — ד י  ב ע ט ל ע ר  צ ו  ד י  פֿ י ס...

1907



# זאַטע פילאַנטראָפּיע

---

בּיזט גוט און מילד, און אָנגעפילט
מיט מענשענליעבע ביזטו,
און שמייכלענדיג, אַוואו דו געהסט
דיין פריינדליכקייט צוגיססטו...

דיר דאַנקט די וועלט, און דאַנקט מיט רעכט,
דאָך זאָג: דיין מענשענליעבע,
צי קאָסט זי דיר אַ סך? צי קומט
זי בלויז דיר על פּי סבה?

צי וואָלסטו ליידענדיג אַ ל י י ן
די וועהטאָגען פון גיהנום,
אָן זיך פּאַרגעסען און, ווי איצט,
געפּרעדיגט גליק פּאַר י ע נ ע ם?

צי גיסטו נאָר וואָס פון דיין כוס
דעם פולען, לויפט  אַ ר י ב ע ר?
וואָס פון דיין איבער־זאַטען טיש,
ניט ווילענדיג בלייבט איבער?

און  י ע נ ע,  די פאַרזווייערטע,
וואָס דו רופסט  ע ג אָ א י ס ט ע ן,
ביי וועלכע גאַל טריפט פון דער ליפ,
און גיפט פון בליק דעם וויסטען —

צי דענקסטו ניט אַז אין דער ברוסט
זיי ליעגט פיעלייכט, פאַרבאָרגען,
פאַרשאָטען אונטער צרות־בערג,
פון גורל'ס פויסט דערוואָרגען,

אַ ליעבע מעכטיגער ווי ד י,
וואָס שפיעלט אין דיינע מינעס,
אַ ליעבע וועלכע צאַנקט נאָך איצט
פאַרדעקט אין אַש פון שנאות?

און ווען דו וואָלסט אַ צעהנטעל נאָר,
פון זייער שמערץ געליטען,
צי וואָלט זיך ניט דיין  ה אָ נ י ג־הערץ,
אין סם און גאַל פאַרביטען?...

1906

# יאַהרען געהען

כ'האָב געהערט אַ שטים אַמאָל:
ערגעץ וואו איז דאָ אַ פּלאַץ,
איז אין איהם פאַראַן אַ שאַץ,
גאָלד און זילבער אָהן אַ צאָהל...

זיבען זיגלען אויפ'ן דעק,
דיק באַוועבט פון טויזענד שפּינען,
און דער אוצר ליעגט דערינען,
אַנגעברייט פון נעכט און טעג...

וועל איך נאָר אַהינצו געהן,
וועל איך אַלע זיגלען טרעפען,
וועל איך טאָן די טיר אַן עפען,
וועט עס זיין פאַר מיר אַליין...

שמעלצען יאָהרען ווי דער שניי,
ווי דער שניי די האָר געפאַרבען,
און דעם אוצר ניט דערוואָרבען,
און איך געה און געה און געה...

# שטענדיג אין חדר

---

א גאַנצען יובל אָפּגעלעבט
איצט ווען דיין האָאר שוין גראָ איז,
געקומען ביזטו צום בעשלום:
דו האָסט געלעבט אין טעות.

מיין פריינד, האָסט וויסען לאַנג געזאָלט,
אַזוי איז שוין דער סדר,
ווען דו זאָלסט משותלח זיין
וועסט תמיד געהן אין חדר...

און ווערסטו קליגער וואָס אַ יאָהר
און טעגליך מעהר ערפאַהרען —
דאָס לעבען ווערט פאַרשפּיצטער נאָך
און וועט דיך אייביג נאַרען...

1905

# דער האָהן און די פלעדער מויז

(תלמוד׳ישע פֿאבעל.)

---

אין ווינקעל פון אַ דאַך אין מיטען נאַכט
געשטאַנען אין אַ האָהן און האָט געוואַכט;
האָט אומגעקוקט זיך שטאַרק געשפּאַנט,
אויף אַלע זייטען נאָכאַנאַנד;
און זיפצענדיג געפרעגט (אין מאָנאָלאָג):
„ווען וועט אַמאָל שוין אָנקעמען דער טאָג?"

ערוואַרטענדיג דעם גליקליכען מאָמענט
שוין האָט ער זיינע פליגלען אָנגעגרייט,
אַרויסצופּאַטשען פאַר דער וועלט זיין פרייד,
און אַזש פון אונגעדולד געברענט...
און פון זיין גאָרגעל האָט זיך אַזש געריסען
דער אָנזאָג פון דעם מאָרגענליכט, דעם זיסען...

און פלוצלינג פון אַ בוים דערבײַ,
זיך הערט אַ פליגעל־קלאַפּערײַ,
און צו דעם האָהן אין האַסט
געקומען איז אַ פלעדערמויז צו־גאַסט.

„איך ליעג אַזוי מיר — זאָגט דער גרויער עוף —
„און קלער און קלער און ס׳נעהמט מיך ניט קיין שלאָף;
„ווען וועט אַמאָל שוין נעהמען טאָגען? —
„קענסט דו, פריינד קו־קו־רעקו, מיר ניט זאָגען?"

„אַוועק דו שרין" — האָט געזאָגט דער האָהן מיט צאָרען!
און רויט פון כעס איז איהם די קאַם געוואָרען —
„וואָס געהט דער טאָג אָן ד י ר? דו מויז,
„וואָס האָט גע׳גנב׳עט פליגלען,
„אום זיך מיט זיי צו שפּיגלען,
„און שטעלט זיך כלומרשט פאַר אַ׳ן עוף אַרויס?..."

„איך וואַרט אויף טאָג ווייל כ׳האַס די נאַכט,
„דאָך ד ו — דיין גאַנצע מאַכט
„איז בלויז אין שאָטען,
„דיין לעבען קען געראָטען,
„נאָר דאַן ווען אַלע זיינען בלינד,
„און דו קענסט טהון בסתר דיינע זינד,

„און דו אַליין מיט דיינע טייוועל־בליקען,
„קענסט זעהן דעם קרבן, וואָס דו ווילסט דערשטיקען...“

„אַוועק דו נבזה׳קייט פון מיין געזיכט!
„פון טאָג און העלען ליכט,
„ניט וואַגען זאָל גאָר ריידען
„אַ נפש, וואָס די נאַכט איז זיין גן־עדן...“

1909

# וואו גלויבען העלפט ניט

ווען אָס העלפט דיין איבערצייגונג און דיין גלויבען,
דיין פעסטער צוטרוי אַז דו האָסט טאַלאַנט —
דיר פעהלט דער פונק — דער פונק וואָס קומט פון אויבען,
די גאָב וואָס שענקען קען בלויז געטער־האַנד.

קענסט גוט און עדעל זיין ווען דו ביזט געריכט,
קענסט זיין מאַרטירער מיט אמונה׳ס קראַפט,
דאָך בערג פון גלויבען וועלען ניט געבערען
אַ זאַמד טאַלאַנט — אַ טריף פון מוח־זאַפט...

1909



# דער עולם

איך האָב באַוויינט מיט בלוט און גאַלל,
מיין אייגען וועה, און ס'וועה פון כלל,
און קיינער פלעגט ניט הערען.
איך האָב געהערט נור איבעראַל:
וואָס טויגען זיינע טהרערען?

איצט האָב איך גלעקליך אָנגעטהאָן,
און רעד מיט קאָמעדיאַנטען־טאָן,
און פיטער זיי מיט שפּאַסען,
און זעה ווי אַלע קוועלען אָן,
נאָר א י ך, איך מוז זיך האַסען...

1909

# אַ דור הפלגה

אייך קען אַ הויז — איהר קענט עס איך,
איהר דאַרפט עס ווייט ניט זוכען —
וואו מ'הערט ניט אויף זיך גאַנצע טעג
צו שטרייטען און ויכוח'ען.

די מאַמע קלאָגט פון פריה ביז שפּעט:
„אַז אַך און וועה איהר עלטער —
זעקס זיהן געבראַכט אויף דער וועלט, און
צום סוף אַ קדיש פעהלט איהר...“

דער טאַטע איז אַ קלוגער איד,
האַלב־משכיל און האַלב־פרומער,
ער גלויבט אין כרמל־ווין און גלויבט —
אין יין־המשומר...

דאָך קומט מען דורך שוין ווי־עס־איז,
בּיז ס'קומען זיך צוזאַמען
די בּנים'לעך, דאַן ווערט דאָס הויז
געפילט מיט רויך און פלאַמען...

דער ציוניסט בּאַווייזט אייך קלאָר,
ווי וואַסער פון חדקל,
אַז ציון איז פאַר אונז דאָס לאַנד,
און אונזער מאַכט — דער שקל...

דער צווייטער איז אַן איטאָאיסט,
ער שרייט: „עס איז אַ שאַנדע
צו קויפען פּאַלעסטינאַ, ווען
מען שענקט אומזיסט אוגאַנדע...“

דער דריטער יעקט פון אַלע דריי,
ער איז אַ ק ל אַ ס ־ ב ע ו ו א ו ס ט ע ר,
זיין יורה־דעה איז קאַרל מאַרקס,
לאַססאַל דאָס איז זיין מוסטער...

דער פיערטער איז אַ פּועל'ניק,
ער וואָלט די דריי געשונדען:
„דער סאָציאַליזמוס“ — שרייט ער — „איז
מיט ציון דורכגעבּונדען...“

דער פינפטער איז געטריי צום בונד,
ער ליאַרעמט: „פּוילע ניקסען,
וואָס אונזער פאָלק באַדאַרף אַצינד
איז פּולווער בלויז און ביקסען...“

און אחרון קומט דער אַנאַרכיסט,
ער באָמבאַרדירט די ברידער:
„מען דאַרף אייך“, — שרייט ער — „אַלעמען
צוברעכען אַלע גליעדער...“

1906



# האַ-חאַ-חאַ אַ קאָנסטיטוציע!

(אַן אביסינישע מעשה)

---

מ׳ענעליק דער שוואַרצער נעגוס,
פון דעם וויטען אַביסיניען,
(יענער סאַמער וואָס באַריהמט זיך
אַז ער שטאַמט פון קעניג שלמה,

וועלכער האָט אַמאָל בענאַרעשט
מיט דער שענער מלכת־שבא זיך)
איז פאַרזונקען אין אַ שווערע,
און אַ טיעפע מרה־שחורה...

אויף זיין טהראָן פון העלפאַנט־ביינער
זיצט ער פינסטער אָנגע׳ברוגז׳ט —
צעהן מעת־לעת זיך ניט באַוויזען
האָט אַ שמייכעל אויף זיין פנים...

פונפציג מאַרשאַליקעס האָבען
שוין פּרובירט די שענסטע וויצען,
מעשיות וועלכע, ווען איהר הערט זיי,
קענט איהר שטאַרבען פון געלעכטער...

אַנעקדאָטען וועלכע קענען,
אַ בית־עולם מאַכען לאַכען,
און המצאות וואָס פאַרשעמען
וואָלטען, אַלע שייקע פייפערס.

פינסטער אָבער זיינע ברעמען
האָט געקנייטשט דער שוואַרצער נעגוס,
און באַפוילען, דרך אגב,
אַלע מאַרשאַליקעס הענגען...

און אין האַרעם זיעבען הונדערט
פעכיג־שוואַרצע יפהפיות,
זינגען טאַנצען און זיך דרעהען
צו דעם טאַקט פון האַרפענקלאַנגען...

דאָך אומזיסט... אַרויסגעוואָרפען
איז דאָס טאַנצען און דאָס זינגען —
מאַכטלאָז איז דער האַרעמ־כשוף,
קען דעם הערשער ניט צושטרייען.

און פאַרשפּרייט זיך האָט אַ וואָלקען,
אויף דער שטאָדט אַדיס־אַבאַבאַ,
צוגעדעקט אַ טרויער־חמאַרע
האָט דאָס לאַנד פון אַביסיניען.

און דעם אויבער־נעגעל־שניידער,
וועלכער איז צוגלייך געוועזען,
מענעליק׳ס געניטער יועץ,
און דער גאַנצער רעדעל־פיהרער —

איז געוואָרען גאָר ניט היימליך,
עפּעס האָט גענומען שאָקלען
זיך דער קאָפּ אויף זיינע פּלייצעס,
ווי אַן אורח ביים געזעגנען...

דען געזאָגט איהם האָט דער נעגוס:
„דריי מעת־לעת נאָך וועל איך וואַרטען,
„אויפ׳ן פיערטען — ווען איך לאַך ניט,
„מעגסטו מאַכען דיין צוואה...“

און ארויסגעשיקט שלוחים
האָט מען איבער אַלע גאַסען: —
„ווער עס מאַכט דעם קעניג לאַכען
„דער וועט קריגען אַ באַלויהנונג,

„פונפציג ווייבער פון די אינגסטע
„וואָס געפינען זיך אין האַרעם;
„אויב ער וויל ניט — וועט מען שענקען
„איהם צוויי אַלטע עלעפאַנטען...“

א י י ן טאָג געהט פאָרביי, אַ צווייטער,
דאַן אַ דריטער... שוין גענומען
זיין צוואה אויסצומאַכען
האָט דער אויבער־נעגעל־שניידער...

פלוצלינג... אויפ׳ן שוועל פון פּאַלאַץ
אָנגעקומען איז אַ פרעמדער: —
„פיהרט מיך תכף צו דעם גרויסען,
„מרה־שחורה׳דיגען נעגוס...“

נו, וואָס מיינט איהר? קוים אַ רגע
איז פאַרגאַנגען, און שוין שטעהט ער
פאַר דעם טהראָן פון העלפאַנט־ביינער,
און ער זאָגט צום שוואַרצען נעגוס: —

„פון דער שטאדט אַדיס־אַבאַבאַ,
„פון דעם גאַנצען אַביסיניען,
„דיך געקומען בין איך בעטען
„זאָלסט אונז געבען ק אָ נ ס ט י ט ו צ י ע...“

ס'האָט געטהאָן דער טהראָן אַ ציטער,
און אַ דונער פון געלעכטער,
האָט אַרויסגעשאָסען פּלוצלינג
פון דעם קעניגליכען גאָרגעל...

„חאַ, חאַ, חאַ, אַ קאָנסטיטוציע!“
האָט געקלונגען דורכ'ן פּאַלאַץ;
„חאַ, חאַ, חאַ, אַ קאָנסטיטוציע!“
האָט געלאַכט דער קריעגס־מיניסטער.

„חאַ, חאַ, חאַ, אַ קאָנסטיטוציע!“
פון דעם האַרעם אָפּגעענטפערט,
האָבען אַלע זיעבען הונדערט
פעכיג שוואַרצע יפהפיות...

„חאַ, חאַ, חאַ, אַ קאָנסטיטוציע!“
האָט געקייכט די גאַנצע סוויטע,
און אַ יום־טוב איז געוואָרען
אין דער שטאדט אַדיס־אַבאַבאַ...

. . . . . . . . . .

וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזען
מיט די קאָנסטיטוציע־פּלענער,
ווייס איך ניט, נאָר דאָס יא ווייס איך:
יעדען מאָרגען ווען דער נעגוס,

זעהט זיין איבער־נעגעל־שניידער,
הויבט ער אָן משונה לאַכען,
און עס דונערט דורכ׳ן פּאַלאַץ
„חאַ, חאַ, חאַ, אַ קאָנסטיטוציע!“

1906



# וחלקלקות און זמזומים

(פון ניו יארקער גהעטא)

---

וחלקלקות און זמזומים,
צוויי צומישטע נישטען־איסטען,
האבען תמיד זיך געהאמפערט,
און געפיהרט א קאמפף א וויסטען.

קוים נאר האט מען זיך באגעגענט,
הייבען אן זיך די דעבאטען,
און עס פליהען אין דער לופטען,
הונדערט־פודיגע ציטאטען...

פייערדיגע ארגומענטען,
שיסען פון די מויל־קאנאנען,
יעדער שאס באשטעהט ניט מינדער,
ווי פון זיבען לעקסיקאנען,

און פון שעקספיר און קאָנפוציוס,
און פון האָמער'ס איליאַדע,
און פון גאָרקי און פון רמב"ם,
און פון קאַרל מאַרקס — אודאי.

אַז מען שווינט זיך ניט חלילה,
קענט איהר דאָך פאַרשטעהן ממילא,
אָט כדומה איז אַ ביישפּיעל
וואָס מען רופט זיך: לומפּ, נבלה,

דראָנג, דובינע, איגנאָראַמוס,
שאַרלאַטאַן, אומזיסטער עסער,
גנב, שורקע און פאַררעטהער,
אָדער פּשוט — מענשענפרעסער.

אָבער העפליך זיינען ביידע,
ווי פאַר „דזשענטעלמען" געהעריג;
וחלקלקות זאָגט: „איך בעט דיך,
„פריינד זמזומים, ווער אַזש נהרג..."

און זמזומים ענטפערט פריינדליך:
„ס'איז דער וואונש פון מיין נשמה,
„אַז, מיין זיסער וחלקלקות,
„דו זאָלסט געהן אין דער אדמה..."

ווייטער געהט עס ניט חלילה,
כאָטש מען רייסט זיך ווי די העהנער,
דען זמזומים — וחלקלקות,
זיינען ביידע עהרען־מענער.

1907

# דער שקל-איד

(אַ טיפּ פון דער פּראָווינץ)

---

עס וואַקסען פרוכטען אַלערהאַנד
אין גרויסען גלות־גאָרטען,
איהר קענט אין אונזער יענקי־לאַנד
געפינען אַלע סאָרטען...

דאָך ערשט ניט לאַנג האָט אויסגעבליהט
אויף אונזער ערד דער פרייער,
אַ מין, וואָס רופט זיך „שקל־איד" —
אַ טיפּ אַ שפּאָגעל־נייער...

עס קומט צו איהם אַ ציוניסט
און זאָגט איהם: „מיסטער זעקעל,
„מיר האָבען אייך אויף אונזער ליסט
„פון די וואָס גיבען שקל.

„דער ציוניזמוס וואַקסט פון שעה,
„עס ווערט געאַרבייט פלייסיג,
„אין אונזער חברה זיינען דאָ
„חוץ איך שוין צוויי און דרייסיג...

„דער ענטהוזיאַזמוס שטייגט און שטייגט,
„איהר קענט עס לייכט באַמערקען,
„דער ישוב ווערט אַלין מעהר פאַרצווייגט,
„און דאַן די יונגע טערקען...

און"... אבער מיסטער זעקעל לאָזט
אַ וואָרט ניט רעדען מעהר איהם:
„איהר ווילט אַ שקל? זאָגט עס פּראָסט.
„וואָס דרעהט איהר די גערעדערים?

„וואָס טויגען מיר די גאַנצע רייד?
„איך גיב און שענק אויף אַ ל ע ס...
„אָט איז אַ דאָלאַר, נעהמט און געהט,
„לאָז דאַכטען ס'איז פאַר כלות,

„וואָס דאַרפען האָבען אויף נדן...
„לאָז דאַכטען אויף אַ קירכע...
„דאָרט גיב איך אויך... מיין ליעבער מאַן,
„נאָר דולט ניט — שפּאָרט די טרחה..."

1909

# אַ הימלישער אײנפאַל

וואָס איך דערצעהל דאָ איז געשעהן
שוין לאַנג צוריק (איך ווייס ניט ווען),
אויף איינעם פון די הימלען אויבען.
איך בין דערביי, נאַטירליך ניט געווען,
נאָר כ׳האָב עס אויף דעם „הן“
פֿון איינעם וואָס מען מעג איהם גלויבען.

איהר ווייסט דאָך (אויב איהר ווייסט ניט דאַרפֿט איהר וויסען)
אַז ערגעץ אויף אַ שטערען אַ געוויסען,
איז דאָ אַן אָרט וואו יעדען טאָג,
פון פריה ביז שפעט,
געמאַכט טאַנדעט
נשמות ווערען אויפ׳ן שאָק...

מלאכים מיט פאַרשוויצטע פליגלען,
זיך מיהען פלייסיג, און פאַרזיגלען
פּאַקעטען נאָכאַנאַנד,
און שיקען אָפּ אין יעדעס לאַנד,
באַשטעלונגען וואָס קומען אָן,
פון בורא ברוך הוא׳ס טעלעפאָן...

דער עקספּעדיטער, פּען אין האַנד
(אַ פלינקער מלאך און אַ בראַנד),
געהט אום און זעהט,
אַז איטליכער פּאַקעט,
זאָל ווערען ריכטיג אַדרעסירט,
און וואָס צום שנעלסטען טראַנספּאָרטירט.

און אונטערדעסען, ווי איהר קענט
זיך דענקען, שטאַרבט מען איטליכען מאָמענט,
און פּעק נשמות, יעדען אויגענבליק,
אין הימעל קומען אָן צוריק,
פאַרקריפּעלט, אַלט און אָפּגעניצט,
מיט פלעקען אַלערליי באַשפּריצט,
און מאַט און אָפּגעבליאַקט.

געברויכען די נשמות פון דאָס ניי,
געווען וואָלט אַ באַטריגעריי,

אַ זינד אַקעגען אדם׳ס קינדער,
און קעגען עהרליכקייט די מינדער;
דעריבער ווערען זיי פּאַרפּאַקט,
אין גרויסע קאַסטענס ערגעץ אין אַ הויז,
און זאַמלען זיך יאָהר איין יאָהר אויס.

דאַך ענדליך איז געקומען דער טערמין,
ווען אין דעם גרויסען מאַגאַזין,
איז מעהר קיין פּלאַטץ ניט כאָטש צירייס זיך,
און אונטערדעסען הונדערטוויז זיך
די אויסגעבראַקטע סחורות מעהרען,
און ס׳איז פון זיי ניט לויז צו ווערען...

אין פּליצלינג אין דעם הימעל אין דעם בלאָען,
באַוויזען האָט זיך מיט אַמאָל אַ גאון,
א מלאך אַ זשעני,
וואָס האָט אָהן מיה,
ענטדעקט אַ פּלאַן אַ פּראָסטען,
דאָס אַלט־יאַרג זאָל ניט דאַרפען ראָסטען:

„ס׳איז טאַקע אמת“ — האָט גע׳טענה׳ט ער —
„עס וואָלט געוועזען זעהר שווער,

„צו קריגען איינעם וואָס זאָל וועלען,
„מיט אַלטוואַרג זיך צופריעדענשטעלען,
„ווען ער קען קריגען עפּעס גוטעס.
„דאָך הערט וואָס  א י ך  זאָג, און איהר טהוט עס:
„טהוט קיינעם ניט קיין עולה און קיין רעה,
„נאָר פּשוט מאַכט זיי אַ'ן השואה.
„שטאט א י י נ ע און אַ נ י י ע גיט זיי אַ ל ט ע צ ו ו י י,
„צי ד ר י י, צי פ י ע ר, איהר דינגט זיך ניט מיט זיי...
„איהר האָט געננג און זייט אים שטאַנד,
„צו טהיילען מיט דער פולער האַנד..."

דעם מלאך'ס עצה איז געפעלען:
זינט דאַמאָלס ווערען יעגע זעעלען,
פאַרצוקערט ווי אַ זיסער ביסען,
און שטאט בלויז א י י נ ע שפּאָגעל נ י י,
האָט יעדער מענש צו צ ו ו י י צו ד ר י י
נ ש מ ו ת — האַלב־צ ו ר י ס ע ן...

1909



# פון מעפיסטאָפעל'ס ליעדער-בוך

מיט דער צייט זיך בייט דער פויגעל,
מיט די שכירות די חזנות,
מיט די ווינטען און דעם וועטער,
דרעהען זיך די וועטער־פאָהנעס.

און דער עיקר איז צו פיהרען,
וואו און ווי? דאָס איז ניט וויכטיג;
וואו די סטאַדע געהט, דאָרט פיהר זי,
און דיין וועג איז תמיד ריכטיג...

לאָז זיי מיינען אַז דו פרעדיגסט,
אין־דער־אמת זאָלסטו הערען,
שרייב בלויז דאָס וואָס זיי געלוסט זיך,
רוף דאָס אבער אָן באַלעהרען...

האָט דער ים־סוף זיך געשפּאָלטען,
און דו ביזט געווען אַן ע ד ו ת —
שנעל טרומפּייטער אז דאָס וואונדער
בלויז געשעהן דורך דיינע רייד איז...

בלויז ווען ס'טאָגט שוין אָהן אַ ספק,
דאַן ערשט זאָלסטו נעהמען קרעהען,
און דערהויפּט וואו פ ו ל די וואָגשאָל,
דאָרט זיך זאָל דאָס צ י נ ג ע ל דרעהען...

1909



# אייזעליזם

(נאָך דעם רוסישען)

עפּרגעין ביי אַ שטראָם,
אַן אייזעל האָט מען אויפ'ן פּראָם
געשלעפּט מיט שטריק,
נאָר ווי באַקאַנט פון אייביג אָן, איז
הערר אייזעלזאָהן אַן עלוי אין עקשנות:
ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין וועג,
און וויל ניט געהן פון פלעק,
כאָטש ניט אַהין און ניט צוריק...

נאַטירליך האָט מען ניט געשיינט דעם בחור,
און ניט געזשאַלעוועט קיין כבוד,
מען האָט געפּאַסעוועט דעם א...
געשלעפּט געריסען די טשופּרינעס,
און שיער דער'ממית'ט מיט דובינעס,
נאָר ס'איז געוועזען אַלין לאבוד,

דער כוחר שטעהט מיט וואונדען אויפ'ן פעל,
און וויל ניט ריהרען זיך פון שטעל.

דאַן איז אַ מאַן,
געפאַלען אויף אַ פלאַן: —
„איהר נעהמט אַקאָרשט דעם תכשיט פאַר'ן עק,
„און שלעפט איהם כלומרשט פונ'ם פראם אַוועג,
„און איהר וועט זעהן,
„וואָס ס'וועט געשעהן."

געזאָגט, געטהאָן,
און קוים האָט אייזעלזאָהן,
אין הינטערטהייל דערפיהלט,
אַז אימיצען זיך ווילט,
איהם ציהען אויף צוריק,
געגעבען האָט ער שנעל אַ בריק,
און אויפ'ן פראם אַרויף מיט זיעג...

1908

# דער באָק און דער פערד

(איבערזעצט פון שפּאַניש)

---

אַ באָק געשטאַנען איז אַ מאָל,
און צוגעהאָרכט זיך צו דעם זיסען קול,
וואָס פון אַ פידעל האָט ארויסגעקלונגען.
פון תענוג האָט ער אַזש געשפּרונגען,
און צו אַ פערד, וואָס אויך ענטציקט
האָט מיט די טענער זיך געקוויקט
אַזוי מיט שטאָלץ זיך האָט דער באָק געווענדט:

„נו, ווי געפעלט דיר, סוס, דער אינסטרומענט?
טאָ ווייס־זשע, ברודער, אַז די סטרונע־שטריק,
דאָס זיינען די געדערים פון דער ציג
וואָס איז געוועזען מיינע אַ פריינדין;

און איך אַליין, אָט ווי דו זעהסט מיך, בין
בטוח אויך, אַז פון די קישקעס מיינע,
(נאַטירליך נאָך מיין פּטירה)
אַרויסגעהן וועט אַ מעלאָדי אַ פיינע,
וואָס וועט אַריבערשטייגען איהרע."

זיך אומגעדרעהט דער פערד האָט און געזאָגט:
„די סטרונעס וואָלטען ניט פאַרמאָגט,
די קראַפט אַרויסצוגעבען
אַ טאָן אַן איינציגען, אין לעבען,
ווען ניט דער סמיק וואָס שפּיעלט אויף זיי,
געמאַכט פון האָאר, וואָס איך
געלאָזען רייסען האָב פון זיך,
מיט שמערצען און יסורים אַלערליי.
איצט שטעה איך און שטאָלציר,
דען אַ דאַנק בלויז מיר,
אַ דאַנק מיין חלק וואָס איך האָב אין סמיק,
געניסט די וועלט די פּראַכטפאָלע מוזיק.
דאָך דו מיין פריינד, לעת־עתה,
ביזטו בלויז אַ באָק מיט באָבקעס,
מיט ציגענע און ווילדע האָפּקעס,
דאָס הייסט זיי מוחל, ביזט אַ שמאַטע,
און מוזט ערשט (לויט ווי דו זאָגסט) צומאַכען די אויגען,
בעפאָר דו וועסט צו עפּעס טויגען."

איך קען אַזעלכע מענשען אַקוראַט,
בעזאָנדערס אַ געוויסען ליטעראַט,
וואָס שרייט אַז זיין טאַלענט,
וואָס ווערט ניט אַנערקענט,
וועט קריגען ערשט זיין לוין,
ווען ער אַליין וועט זיין געשטאָרבען שוין.

1909



# ווי האָט ער עס געמיינט?

פאַרגליווערט אין דער שטילער תמוז־נאַכט איז געווען די לאַנדשאַפט.

פאַרשלאָסען האָט זיך הינטער טהיר און טהויער דער וועלט'ס נשמה און האָט געבענקט ביחידות...

און אַרויסגעריסען האָט זיך דורך אַ שפּעלטעלע וועך־ניט־זוען אַ נצוין פון יענע סוד־חלומות, און אָנגעזעפּטיגט די שטומע לופט מיט רייכע ריחות...

אויפ'ן דעק פון דער סאַזעווקע האָבען זיך די זשאַבעס פאַררוקט, איינע צו דער צווייטער זיך געדריקט: —

„איצט טאָר מען ניט קוואַקען!"...

די גרילען האָבען מיט פאַרהאַלטענעם אָטהעם פון זייער בלאַט־באַהעלטענים, געוואונקען צו די פייער־פליגען זיי זאָלען אויפהערען אומשפּרינגען...

דען עס איז געווען דער מאָמענט פון טיעפען שווייגען ווען די אונענדליכקייט באַפרוכפּערט זיך אליין...

אָבער איבען נאָהענט פון כאָמע מיטען הימעל, האָט חוצפה'דיג אַראָפּגעקיקט אַ גרויסע, רונדע, יוייסע פּעטע לבנה...

און גערופען האָט זי צו זיך: —

„קוקט מיך אָן, ווי שעהן און רונד איך בין!“...

און קאָקעטיש געררייצט האָט זי מיט איהר בליאסקע־דיגען שטראהלען־פּאָכער דאָ אַ קוסט, דאָ אַ בוים־שפּיץ:

— „קוקט אויף מיך! וואָס חלום'ט איהר?...“

און אביסעל אָפּגערוקט פון דעם רונד־ען שרייענדיגען געזיכט האָט געבליצט דער דימענט־פּונקט פון אַ גרויסען ווייטען שטערען אריב ווערבען עם דרעהען זיך עיגעין אין דעם הימעל'ס מרחקים, אַ הונדערט זונען־סיסטעמען...

עניות'דיג האָט ער געקוקט, קוים באַמערקען האָט מען איהם געקענט...

און ער, דאַכט זיך, האָט אויך געזאָגט: —

„וואָס חלומ'ט איהר? קוקט זי אָן די גרויסע פּעטע רונדע לבנה!...“

ווי האָט ער עס געמיינט?...

1909



# אַלי האַסאַן

(אַן אָריענטאַלישע מעשה).

---

ווען אַלי האַסאַן איז אַלט געווען 30 יאָהר האָט ער גע־וואוסט אויכווענינ יעדע „סורא“ פון דעם הייליגען קאָראַן און אַלע קלוגע און טיעפזיניגע קאָמענטאַרען וועלכע זיינען אויפגעוואַקסען אַזוי ווי אַ געדיכטער וואַלד ארום דעם נביא׳ס בוך אין דעם פערלויף פון יאָהרהונ־דערטען.

די פאַרוויקעלטסטע רעליגיעזע פראַגען פלעגט ער קענען ענטשיידען... און זיין מח איז געווען דער נעסט פון חכמה.

אָבער דורשטיג איז געווען דער גייסט פון אַלי האַסאַן, אַזוי ווי די ברעגעס פון ניל איידער דאָס וואַסער קומט זיי צו באַטרינקען, און זיין נשמה האָט געלעכצט נאָך קענטניס ווי די זאַמדען פון זאַהאַראַ לעכצען נאָך רעגען.

דען אַלי ־ האַסאַן האָט צו זיך געזאָגט: דער הייליגער קאָראַן מיט די הייליגע קאָמענטאַרען לערנען מיך וואָס

איך זאָל טהאָן און וואָס איך זאָל ניט טהאָן, קלאָר אין דייטליך זאָגען זיי ווי איך זאָל זיך פיהרען אין לעבען, אָבער וואָס איז דאָס לעבען ?...

דאָס געהיימנים פון לעבען האָט ער פארשטעהן געוואָלט.

דאַן איז אלי - האסאַן אין א ווייטען מדבר אוועק און מיט דעם זעלבען חשק מיט וועלכען ער דאָט אמאָל גע'חזר'ט די הייליגע שריפטען און די ווערטער פון די געלעהרטע האָט ער איצט זיך באמיהט זיי צו פארגעבען.

דען ער האָט געזאָגט : דער נביא וואָס האָט דעם קאָראַן פערפאַסט האָט פאר זיך קיין בוך ניט געהאַט. און וואו האָט ער זיין הכמה גענומען ? וואו איז דער קוואל פון וועלכען ער האָט געשעפט ?

און דעם דאָזיגען קוואל האָט האסאַן געזוכט ווידער צו געפינען, און ער האָט געשפירט אזוי ווי פריהער־ שפעטער ווען זיין מח וועט זיין אָפגערייניגט פון אלין וואָס פרעמדע האָבען דאָרט אריינגעטהאָן, וועט זיך ערגעץ־ וואו פון דער טיעפענים אויפעפענען א ברונען און עס וועט ארויסשפרינגען א לויטערער, א קלאָרער שטראָם ; און דאָס וועט זיין די אמת'ע חכמה...

יאָהרען און יאָהרען האָט ער אין זיין אָפגעזונדערט־ קייט פארבראַכט, קיין זאך האָט ער ניט געזעהן, און קיין

זאך האָט ער ניט געהערט. בלויז געוואַרט און זיך איינגע־האָרכט צו די געהיימניסען פון זיין אייגענער נשמה...

דען ער האָט איצט געהאַט אַ'ן אייגענע נשמה, ניט די נשמה פון קאָראַן און ניט די נשמה פון די געלעהרטע. אַ פרייע און אייגענע איז זי געוועזן און געטראַכט האָט זי, אַזוי ווי עס וועהט דער ווינד, ווי עס זינגט דער פויגעל...

אָבער די אַלטע פראַגע איז ניט פאַרענטפערט געוואָרען.

וואָס איז דאָס לעבען ?...

און איין פריהמאָרגען, ווען אַלי־האַסאַן איז אויפגע־שטאַנען פון אַ'ן אומרוהיגען, שלאָפלאָזען געלעגער, האָט ער צו זיך אַזוי געזאָגט :

דער וואָס וויל אויסלערנען גראָזען און קרייטעכצער, דער וועט ניט געהן אין אַ זאַמדיג לאַנד, און דער וואָס וויל אויספאָרשען די שטראָמען וועט ניט געהן אין אַ'ן אויסגעטריקענטע וויסטעניי, און ווי וויל איך דאָס לעבען אויספאָרשען, זיך וואַלגערענדיג אין אַ פאַרוויסטען אָרט, וואו דער איינציגער צייכען פון לעבען זיינען די שטומע שטערען אויפ'ן הימעל, און די הייסע שטראַהלען פון דער זונן ? . . .

און אַלי - האַסאַן האָט פאַרלאָזען זיין נזיר־ביידעל, און איז אַרויס פון דעם מדבר און איז אַוועק אין דעם

שעהנעם דופטיגען טהאָל פון קאַשמיר, אין דעם לאַנד פון רויזען און ציפּרעסען און זילבערנע פלוסען.

רייך איז געווען דאָס לעבען ארום אידם, און ער האָט עס דורשטיג אריינגעזויגען, אָבער איינמאָל ווען ער איז געלעגען נעבען אַ קליינעם וועלדעל און צוגעהערט דעם זומען פון די קליינע פליגעלעך שפּרינגענדיג פון בלאַט צו בלאַט, האָט ער צו זיך געזאָגט:

מעהר קאָביג און מעהר רייך ווי דאָס לעבען פון די שעהנע טהאָלען איז דאָס לעבען פון מענשען, און אויב איך וויל דאָס לעבען פערשטעהן, מוז איך געהן וואו מענשען זיינען, וואו הונדערט טויזענדער מענשען שטויסען זיך איינער אָן צווייטען...

און צו דער גרויסער שטאָדט אל־קאַטאַבאַ איז ער אַוועק, דאָרט וואו די קעמלען ברענגען די וואַנדערער אין די קויפלייט פון כאָראַסאַן און פון אינדיען, און פון אַראַביען, וואו די גאַסען שטראָמען מיט מענשען־מאַסען.

— דאָ — האָט ער געזאָגט — וועל איך דעם סוד פון לעבען דערגעהן.

און צו דעם „טויער פון האָכצייטען“ איז ער אַוועק. און פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין אבענד איז ער געשטאַנען און צוגעקוקט, ווי איין פּאַאר חתן־כלה נאָך דעם צווייטען געהט דורך באַגלייט פון לוסטיגע אויסגעפּוצטע פריינד און באַקאַנטע. צימבלען און גיטאַרען האָבען ניט

אויפגעהערט צו שפּיעלען. פרעהליכקייט און געלעכטער האָבען געשאַלט פון אַלע זייטען. און פּלוצלינג איז אַ וועל פון פרעהליכקייט אַריבער איבער זיין נזיר־זעעל, און ווען ער איז שפּעט ביי נאַכט געגאַנגען צו זיין נאַכטלעגער, האָבען זיך זיינע פיס אַזוי ווי טאַנצענדיג געהויבען און זיינע אויגען האָבען געגליהט, און זיינע באַקען האָבען געפלאַמט, און איהם האָט זיך געדאַכט ווי דער אויסגע־שטערענטער הימעל איבער זיין קאָפּ איז איין גרויסע חופּה, און צימבלען און גיטאַרען און פּויקען הערען ניט אויף צו שפּיעלען אַ לוסטיגען מאַרש.

און אַזוי ווי אַ שוואַרצער פאָרהאַנג האָט זיך ערגעץ אויפגעהויבען, און אַ העלע ליכטיגקייט האָט זיך איבער איהם און איבער אַלין צוגאָסען. און אַלע חידות זיינען געלייזט געוואָרען, און דער אַלטער סוד איז געוועזן אַנט־פּלעקט.

— דאָס לעבען איז פרעהליכקייט — האָט האַסאַן צו זיך גע׳חזרט.

אָבער אויף מאָרגען אין דער פריה האָט ער זיך באַדענקט און איז אַוועק צו דעם טויער פון די „מצורעים“, וואו די קרעציגע פלעגען קומען קריגען זייער שפּייז פון די וועכטער פון דער שטאָדט. שטונדענלאַנג איז ער גע־שטאַנען און געזעהן ווי די האַלב־נאַקעטע, פון זונן צו־ברענטע, און פאַרהונגערטע קראַנקע זיינען אָנגעקומען און

אויסגעגאנגען, טיעף אין זייערע פארצווייפעלטע אויגען האט ער זיך אריינגעקוקט, דאס קרעכצען און דאס געיאַמער האט זיך ווי וויטריאל אין זיין אויער איינגעגעסען. און ווען ער איז שפעט אין אבענד אהיים געגאנגען, זיינען זיינע ליפען געווען צוזאמענגעדריקט, און אין זיין ברוסט איז געלעגען א שווארצער שמערץ. אבער א גרויסע ביז־הער ניט געפיהלטע קראפט איז פון ערגעץ אין זיין הערצען ארויסגעקוואלען, און שטארק האט ער זיך געפיהלט... זיך ראנגלענדיג מיט זיין וועהטאג און מיט זיין פארצווייפלונג האט ער זיין גבורה דערשפירט, און זיין קאפ האט זיך אויפגעהויבען — ניט פון פרייד און ניט פון שטאלץ, נאר פון גבורה... די גבורה פון וועהטאג...

און א פראסטיג ליכט איז געפאלען אויף זיינע מחשבות. דארט איז מעהר קיין צווייפעל און קיין אונוויסענהייט ניט געוועזען.

— דאס לעבען איז ליידען — האט האטאן אין דער נאכט ארויסגערעדט.

אבער אויף מארגען באגינען איז ער אוועק צו דעם „טויער פון די קויפלייט“. דארט האט עס גערוישט און געקאכט פון טויזענדער מענשען וועלכע זיינען פון אלע טהיילען פון דער וועלט געקומען דא זייערע סחורות אויסצובייטען. די פיינסטע זייד־געוועבען פון קאשמיר, די שעהן־געשטיקטע טעפיכען פון פערזיען, די קונציג

אויסגעדרעקסעלטע עלפענביין ארבייטען פון יאפאן האט ער דארט געזעהן, און האט פון זיי ניט געקענט אראפ־רייסען זיינע אויגען.

— ווי רייצענד ליעב דער מענשליבער גייסט אנט־פּלעקט זיך אין זייד און אין עלפענביין! און ווי דער מענשליכער שכל און מענשליכע אונטערנעהמונג ברינגען די אלע מענשען־מאסען צוזאמען, אום אויסצוטויישען זייערע ארבייטען, אום איין לעבען זאל פון דעם צווייטען רייכער און שענער ווערען! — אזוי האט האסאן צו זיך גערעדט.

און ווען ער האט זיך אהיים אומגעקעהרט אין שפעטען אבענד, האט זיך א זיסע רוהיגקייט אויסגעבעט אויף זיין גייסט, און ער האט געזאגט:

— דאס לעבען איז אויפטהון, און דעם לעבענ'ס שעהנסטע בלום איז די קונסט.

אבער אויף מארגען פריה איז ער צו דעם „טויער פון די מתים" ארויסגעגאנגען, און א גאנצען טאג האט ער צוגעזעהן ווי מען טראגט איין טויטען נאך'ן צווייטען, און ווי עס הערט ניט אויף זיך צו ציהען די רייהע פון תמיד־נייע אבלים.

און א צובראכענער, א קראנקער איז ער ביי נאכט צו זיין רוה געגאנגען. אבער קיין סוד איז שוין מעהר פאר איהם ניט געווען און ער האט געטראכט:

— אַלע שטראָמען פון לעבען ציהען זיך און פאַלען אַריין אין דעם אוקינוס פון טויט. און וואָס קרומער און וואָס לענגער דער וועג אַלס ערגער, און וואָס גלייכער און וואָס קירצער דער וועג אַלץ בעסער...

פריה באַגינען איז אַלי - האסאַן אויפגעשטאַנען און איז אַרויס ווייט פון דער שטאָדט... דאָרט האָט ער מיט די אויגען פון גייסט ווידער געזעהן דאָס וואָס ער האָט אין די לעצטע פיער טעג, געזעהן מיט אויגען פון פלייש — און זיין אַלטע אומרוה איז צוריקגעקומען.

פון בילד צו בילד האָט זיין נשמה געוואַנדערט, און קיינס האָט זי ניט געזעטיגט... און די בילדער זיינען געווען אַזוי אויסגעשטעלט אַז קוקענדיג אויף איינעם האָט זי דאָס אַנדערע ניט געזעהן, און געוואוסט האָט זי אַז קיינס פון זיי איז ניט פאַלקאָמען, און אַז אַלע צוזאַמען מוז זי זעהן אום צו פאַרשטעהן...

און אַלי - האסאַן האָט דעם קאָפּ אַרונטערגעבויגען צווישען זיינע קניע און איז אָפּגעזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט און האָט געוויינט:

— וועל איך ווען ס'איז די אַלע בילדער צוזאַמען זעהן אום צו פאַרשטעהן דעם גאַנצען, דעם פולען סוד פון לעבען? —

אין איין שטילע נאַכט האָט זיך אַזוי ווי אַ ווייכע האַנד אַרונטערגעלאָזען, און האָט איהם אוועקגעטראָגען הויך,

הויף איבער די וואָלקענס און דאַן האָט ער דערשפּירט ווי זיין אויג זעהט אין אַלע וויטקייטען, און אין אַלע ריכטונגען אויף איין מאָל.

— : און ערגעץ אַ שטימע האָט געזאָגט

„קוק און זעה אַלץ אויף אמאָל.“

און אַלץ אויף איין מאָל האָט ער געזעהן... דעם שמערץ פון די מצורעים און דעם טאַנץ פון די גליקליכע, דאָס האַנדלען און דינגען פון די קויפלייט, די ענטציקונג פון די קינסטלער און קונסט־קענער, און דעם טרויער און דעם יאוש פון די אבלים...

און אַלצדינג צוזאַמען האָט זיך אויסגעמיישט און איז געוואָרען איין גרויסע פוסטקייט...

---

און דאַן האָט אַלי־האַסאַן אויפגעהערט צו זעהן אויף אייביג. דער טויט־פראָסט איז אַרום זיין האַרצען געלעגען.

1909



# ווי מען קוקט

עס איז געווען בין השמשות...

דער שענער, שטילער, בשמים'דיגער זומער־אבענד האָט זיך לאנגזאם ארונטערגעלאָזן אויף די פעלדער און די לאָנקעס... גראָזען און ביימען האָבן זיך קוים געראָידעט, מיט דער האלב־שלומערדיגער, האלב־וואכעדי־גער באוועגונג פון פארשלאָפענע קינדער־ליפען... די לופט איז געוואָרען אלץ גראָער און ווייכער און צערטליכער. דער מזרח־הימעל איז געוואָרען טונקעלער און בלאָער, און אין מערב, האָט א גאנצער וואָלקען־אַרכיטעקטור זיך פאנאנ־דערגעשפּילט, אין אַ ווילדער פארבען־סימפאָניע פון גאָלדען־געל, פייער־העל, פורפור־רויט און גרינליך־נעבעלדיג...

זאלבע־צווייט האָבן זיי שפּאצירט אויף אַ שמאָלען שטעגעל, איינגעצאמט פון ביידע זייטען מיט דיכטע קאָרן־זאנגען וואָס האָבן זיך, וויגענדיג, איינער דעם צווייטען געקושט „גוט־נאכט“...

און איינער פֿון די צוויי האָט געזאָגט :

„זעה ווי עס גלאַנצט און גליהט, און שימערט און
„שעמערירט, דאָס הימעל־בעט פֿון דער ליכט־מלכה, דער
„זונן... די קיסענס זיינען פֿון גאָלד־סאַמעט ארומגעזוימט
„מיט פּורפּורנעם בראָקאַט... די פֿאָרהאַנגען זיינען פֿון
„גרינעם אטלאַס ארומגעקניפּט מיט אָראַנזש־פֿרענז, און
„„קופּער־פֿאַרביג איז דער צודעק פֿון איהר נאַכטלעגער...
„ווי שעהן האָרט איז אַוואו די געטין שלומערט...“

דער צווייטער האָט אַ קוק געטהאָן צום מערב אין
געזאָגט :

„קענטיג, מאָרגען וועט זיין אַ שטורעם...“

1906



# צוריק אין טהאָל

הויך אויף די בערג האָט ער זיין וואויהנונג געמאַכט, ווייט פון די נידריגע טהאָל־ברואים האָט ער לעבען געוואָלט....

צו וואָס האָט ער ז י י באַדאַרפט? וואָס האָבען ז י י איהם געבען געקענט?

א גאַנצע גרויסע וועלט האָט ער אין זיין ברוסט געטראָגען און געבעלעקנוילען פון נאָך ניט באַשאַפענע וועלטען האָבען זיך געראַנגעלט און געדרענגט אין זיין מוח, און איהם מיט פרייד און לעבען אָנגעפילט... מיט דער פרייד פון אינעגדליכקייט, מיט דעם לעבען וואָס האָט ניט קיין סוף...

אין זיך האָט ער די פאַרגאַנגענהייט געטראָגען, בילט אין ליכטיג איז פאַר איהם די ציקונפט געוועזען... זיינע געדאַנקען זיינען געווען שלייפען שענע וואָס האָבען צוקונפט מיט פאַרגאַנגענהייט האַרמאָניש געקניפט....

א פונקעלדיגער, שפריצענדער ניאגארא פון שטראהל־שטראָמען איז ער געוועזען....

און אַרום האָבען קליינע באַשעפעניסען געפּויזעט. אַ ל י י ן צווישען זיי איז ער געגאַנגען — אַ ריעז צווישען מוראַשקעס...

וואָס האָט ער מיט זיי צו טהאָן געהאַט?...

אָבער אַרום האָט געשוויבעלט און געגריבעלט, און זיין בליק איז אויף דעם ה ו י פּ ע ן פון די מוראַשקעס געפאַלען... און די מיליאָנען־מ אַ ס ע פון די קליינצינקע ברואים'לעך האָט זיך איהם יוי איין גרויבע באַשעפענים אויסגעוויזען...

און זי האָט שוין געקענט מיט זיין גרויסקייט זיך מעסטען... אין איהר האָט ער זיין פּאַסענדע פּאָאר געפונען, מיט איהר האָט ער זיינע גרויסע אוצרות טהיילען געקענט...

אָבער זיינע אַרויסגעלאָזענע שטראַהלען האָבען זיך אָפּגעשלאָגען אָן די קליינע שוואַרצע מיראַשקע־קעפּלעך, און האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו איהם — באַפּלעקטע, מטושטש'ע, דונקעלע...

און די אינזעקטען־געהירענס איז דאָס ליכט ניט אַריינגעדרונגען, אָבער וואָס האָבען זיי פון זיינע שטראַהל־פּעדעם געמאַכט?...

זיי האָבען דרינען מוראשקע־גיפט אריינגעטהאָן.

דאָס איז געווען זייער ענטפער... זייער נקמה פאר וואָס ער איז א ריעז...

און ער האָט דעם גיפט פון די מוראשקעס גערופען „צוויפעל“...

און דאן האָט ער דערזעהן איינצעלנע, נבזה'דיגע ערד־קריכער... קליינע שווארצע פינטעלעך האָט ער געזעהן און דאָס גרויסע באשעפענים האָט ער מעהר נ י ט געזעהן...

אָבער דער מוראשקע־גיפט האָט ערשט זיין ארבייט אָנגעהויבען... אין איהם האָט זיך גענומען אזוי ווי איינשרומפען, איינציהען און קלענער ווערען און א ווילדע מורא איז איהם באפאלען...

„איך וועל א מוראשקע ווערען“ — האָט ער געציטערט.

דאן איז ער אין די בערג אנטלאָפען...

דאָרטען זיינען די אָדלערס זיינע חברים געוועזען, אין די שטירעבר־וואָלקענס האָט ער קאמעראדען געפינען.... לויטער און ליכטיג האָט זיך זיין שטראהלען ־ וועלט אָפגעשפיעגעלט אויף די ווייטע ווייסע גלימצערנדע שנעעפעלדער, און אָן טהאָל האָט ער פארגעסען.

איינער פון זיין מין איז ער געווען, אָבער וועמען האָט ער באדארפט ?...

קרעפטיג זיינען זיינע גליעדער געוועזען, די בארג־לופטען זיינען באלזאם־טראנקען, דאס וואסער פון פעלזען־קוואל א נעקטאר פון הימעל, און די בארג־געוויקסען קוויקענדע שפייזען געוועזען...

אבער די אלטע מורא איז פאמעליך ווידער צוריק־געקומען.

„בין איך ניט א מוראשקע?“ — האט ער שוידערנ־דיג געפרעגט זיך.

און אפט ווען ער פלעגט שטעהן אויף א שפיציגען פעלז, אין דער ווייטער בארג־איינזאמקייט אין מיטען פון זיינע אייביגקייט־געדאנקען, אין מיטען פון זיינע אונ־ענדליכקייט־טרוימען פלעגט איהם א שווינדעל באנעהמען.. דער פעלז אונטער זיינע פיס האט זיין פעסטקייט פארלא־רען, און דער אדלער וואס האט זיך הויך איבער איהם אין דעם בלויען עטהער געקרייזט האט אין איהם זיינע רונדע ליכטיגע אויגען אריינגעלאזען און האט איהם מיט די בליקען טהאל אראפ־צו געשטויסען...

„דו ביזט א מוראשקע“ — האט ער אין די בליקען געלייענט. — „דיך שווינדעלט... דען דא קענען זיך בלויז אויפהאלטען אזעלכע ווי איך, וואס האבען פליגלען.... אזעלכע ווי איך, וואס קענען זיך צו די שטערען אויפ־הויבען...“

„דו ביזט ניט שטארק גענוג פאר דאס בארג־לעבען“—

האָט דער יונג איהם גדלות'דיג־שפּעטיש פּארביי־געברומט

— „די בערג זיינען פּאר אזעלכע ווי איך, וואָס טראָגען זיך פון איין עק וועלט צום צווייטען, אין דארפען קיין רוה און דארפען קיין חבר'שאפט ניט...“

און קלענער איז ער געוואָרען און זיין אנגסט איז געוואקסען אין זיין איינזאמקייט האָט איהם געדריקט....

„איך ווער א מוראשקע“ — האָט ער, זיך טרייסלענ־דיג, געמורמעלט.

און שוואכער וואָס א טאָג זיינען זיינע אברים געוואָ־רען... די אָדלערס און די וואָלקענס האָט ער ניט מעהר פאר קאמעראדען באטראכטעט... ער האָט זיך פון זיי באהאלטען.

און דאן האָט ער גענומען בייגקען נאָכ'ן טהאָל און שפּעטער — נאָך די  מ ו ר א ש ק ע ס...

„דאָרט וועל איך כאָטש חבר'שאפט געפינען“ — האָט ער געזיפצט — „קליין וועל איך זיין, אָבער אַלע זיינען קליין.

„און א מיטגליעד וועל איך זיין פון דער פאמיליע פון מוראשקעס. ליעב האָבען וועלען זיי מיך, ווייל איך בין  א י י נ ע ר  פון  ז י י.

„און ווען איך בין גלייך מיט זיי און קריך אויף דער ערד ווי זיי און לעב אין מוראשקע־נעסט ווי זיי, דאן וועל איך זיי דערצעהלען ווי גרויס איך בין אמאָל געווען...

„אַ זכות וועט עס מיר זיין און פריינד וועל איך האָבען....“

דאָן איז ער אין טהאָל אַרונטער און אַ מוראַשקע געוואָרען — אַ מוראַשקע מיט אַ יחוס־בריעף....

1909



# דער עפּעל-בוים

דער מלאך, וואָס איז ממונה אויפ'ן וועטער, האָט אונז געמאַכט אַ סורפּריז.

מיר האָבען זיך נאָך מכין געווען אויף וואָכען און וואָכען פון פרעסט, פון שנעען, פון זאווערוכעס אין קאַלטע רעגענס, — און מיט אַמאָל איז געוואָרען פריהלינג.

וואָס אַ טאָג, איז דער הימעל געוואָרען אַלץ אויסגעלייטערטער, די זונן האָט געוואַרעמט אויף מאַיאָווען שטייגער, לוסטיגע ווינדען האָבען געגלעט דאָס פּנים, און די נעכט זיינען געווען בלאָ און אויסגעשטערנט.

צוערשט האָט מען זיך געוואונדערט, געפרעגט קשיות: „סטייטש, עס איז דאָך די סאַמע ווינטער־צייט, ווי קומען אזעלכע פרילינג־וועטערס?“—אין פיל מיט ניט־צוטרוי האָט מען זיך גערוכט, אַז אָט־אָט וועט אַרויספאַלען אַ קאַלטער שנעע און עס וועט זיך ווידער אָנהייבען דאָס מאוס'ע ווינטער־לעבען.

אָבער איין וואָך, צוויי, דריי זיינען פאַרגאַנגען, און

מען האָט אויפגעהערט צווייפלען, מען האָט אָנגעהויבען זיך צופּאַסען צו דער נייער פריהלינג־צייט. אין הויז זיינען פארשוואונדען די אויוועגס, פענסטער האָבען זיך געעפענט, די לייכטע, העל־קאָלירטע זומער־קליידער האָבען זיך באַוויזען, אין דאָס לוסטיגע, אָפענע גאַס־לעבען פון זומער האָט געוויישט אומעטום.

די בוימער, הפנים, האָבען וועניג אמונה געהאַט, האָבען זיך געיישוב'ט, צי עס איז נאָך ווינטער, צי עס איז טאַקע אין דער אמת'ן פריהלינג און ליתר בטחון געבליבען עבט־ווינטערדיג.

פון דעם טעגליך גרינער־ווערענדיגען גראָז פלעגט אָפט אונזער בליק ניט־ווילענדיג זיך ארויפגליטשען צו דעם נאַקעטען צווייגען־סקעלעט, וואָס איז געשטאַנען פאַר דער טהיר. א'ן עפּעל־בוים איז דאָס געווען.

פאַר וואָס בליהט ער ניט ? וואָס וואַרט ער ?

ניט שוין־זשע מיינט ער, אַז ער איז קליגער פון אַלעמען ?

און דער בליק איז געוועזן אַ פאָרוואורף צום בוים, אַ פאָרוואורף פאַרוואָס ער האַלט זיך פון דער ווייט. די שמחה פלעגט ער צושטערען.

פאַרוואָס גלויבט ער ניט אין פריהלינג ? — פאַרוואָס בליהט ער ניט ?

און די זונן פלעגט איהם טאָג פאר טאָג לאַסטשען האַלב־פריינדליך, האַלב־ברוגז'דיג: „וואָס עקשן'סטו זיך?“

און די וואַרעמע אינטימע ווינדטלעך פלעגען איהם טשוכען: „פאַרוואָס גלויבסטו ניט?“

און איין שוואַלב נאָך דער צווייטער פלעגט זיך אָפּשטעלען אויף איהם מיט א קינדערישען פּיפּס: „פאַר־וואָס בליהסטו ניט?“

האָבען די פאָרוואורף־בליקען, האָבען די שטראַהלען, האָבען די שוואַלבען געווירקט?

דער בוים איז מיט אמאָל געוואָרען ווייס.

ער האָט געפאָלגט און האָט זיך פונאַנדערגעבליהט.

ענדליך האָט דער עפּעל־בוים מסכים געווען אויפ'ן פריהלינג.

דאָס פריהלינג־לעבען האָט געקריגען די בעשטעטי־גונג פונ'ם עפּעל־בוים.

מענשען האָבען געפּליקט ווייסע בליהונג־בלעטלעך און זיך געשטאָכען צו דעם לאַנ.

האָבען זיי זיך געפרעהט, וואָס זיי האָבען געקראָגען אזא שטאַרקען בעוויז אויף פריהלינג? האָט זיי הנאה געטהאָן, וואָס דער עפּעל־בוים האָט זיך געלאָזט איבער־ריידען און דענקט ווי זיי דענקען?

און איין טאָג איז פאַרבייגעגאַנגען א'ן אַלטער גערט־

נער און האָט א קוק געטהאָן אויף דעם שענעם בליהונג־מאַנטעל פונ'ם עפעל־בוים און האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: —

„ער וועט מיט זיינע עפּעל באַצאָהלען.... ער האָט זיך געלאָזט פאַרפיהרען"...

און אין א וואָך אַרום איז דער גאַנצער פריהלינג פאַרשוואונדען, א קאַלטער צפון־ווינד האָט זיך אַרויבגעריקט פון ערגעץ־וואו, שווארצע שנעע־מעובה'ס כמאַרעס האָבען זיך געצויגען און געצויגען ווי שפּיטאָל־וועגען אין א גרויסער מלחמה.

און א קאַלטער שנעע איז אַרויסגעפאַלען, און דער ווינטער־שטורעם האָט געהוליעט מיט טייוועלישען נצחון:

„פריהלינג איז נאָך ווייט"...

מענשען האָבען זייער פריהלינג־שטימונג צוגלייך מיט זייערע זומער־בגדים ווידער פאַרפּאַקט, צוריק אָנגעטהאָן די אַלטע דיקע מאוס'ע מלבושים, זיך פאַררוקט אין הויז און באַשלאָסען, אז עס איז ווינטער.

און דער עפּעל־בוים איז געשטאַנען וויים — ווייס פון שנעע — און האָט זיך געוויגט און געבויגען, ווי ער וואָלט עמיצען געזוכט. האָט ער די מענשען געזוכט, צי די שטראַהלען, צי די שוואַלבען, צי די וואַרעמע ווינדטעלעך?..

און אין פענסטער, דורך די האַלב־פאַרפראָרענע

שויבען, האָט ער אריינגעקוקט מיט א פּאַרוואורף, מיט תרעומות:

„איך וועל מיט מיינע עפּעל באַצאָהלען... איך האָב זיך געלאָזט פּארפיהרען“...

1907



# משה רבינו'ס טויט

(פון אַ מדרש).

אוּן ווען משה האָט געזעהן אַז עס איז נגזר געוואָרען אויף איהם ער זאָל שטאַרבען, האָט ער זיך איין טרויער־קליידער איינגעוויקעלט, האָט זיינע גרויע לאָקען מיט אַש צוגעדעקט און האָט גענומען מתפלל זיין בּאַר גאָט.

און זיין שטים איז געווען אַזוי שטאַרק אַז איבער דער גאַנצער ערד האָט זי אָפּגעהילכט, און דורך אַלע זיבען הימלען האָט זי געליאַרעמט און גע'רעש'ט... פון איין פּלאַנעט צום אַנדערען האָבען זיינע ביטערע תחנונים זיך געטראָגען, פון איין שטערען צום צווייטען האָבען די ווערטער פון זיין תפלה געשטורעמט... ביז די פעסטע זיילען פון דער וועלט האָבען זיך פון אימה געטרייסעלט און ערד און הימעל האָבען ציטערנדיג געפרעגט:

„איז אונזער לעצטער טאָג געקומען? וויל דער בורא אונז פערניכטען, און בעשאַפען די וועלט פון דאָס נייע?"

און אַ פאַרבאָרגענער קול ווי אַ מעכטיגער מדבר־שטורעם האָט זיי אַן ענטפער ארויסגעברילט:

„אייער צייט איז נאָך ניט געקומען... אבער עס איז געקומען די שעה ווען דער פּראָפעט משה זאָל שטארבען...“

און אַ באַפעהל איז ארויסגעגעבען געוואָרען ביי איט־ליכען טהייער פון איטליכען הימעל, אַז משה׳ס געבעט זאָל ניט דורכגעלאָזען ווערען, ווייל פאַרזיעגעלט איז דער גזר־דין אַז ער מוז פון דער וועלט געהן...

אָבער העכער און הילכיגער און רידרענדער איז געוואָרען דאָס געבעט פון דעם אַלטען נביא און האָט מיט געוואַלט זיך געריסען דורך די אָפענע טהירען פון הימעל...

צושראָקענע, פאַרווייטנטע זיינען די מלאכים־וועכטער פאַר גאָט׳ס שטוהל געקומען, געבריפּעט האָבען זיי:

„האַרר פון די וועלטען, די טהרערען און תפילות פון משה׳ן זיינען ווי בלאַנקע שניידענדע שווערדען, זיי רייסען זיך מיט שטורעם־מאַכט דורך דעם הימעל־טהויער, צו דיין טהראָן ווילען זיי ארויף... און די אראלים און די שׂרפים שטעהען און וויינען און האָבען ניט דאָס האַרץ זיי ניט אריינצולאָזען.“

און אַ באַפעהל איז ארויס צו פאַרריגלען די טהויערן פון אַלע הימלען און די שלעסער צו פאַרזיגלען...

אָבער צו גאָט'ס אויער זיינען דאָך אָנגעקומען די ווערטער פון משה'ן:

„רעגיערער פון דער וועלט! — ווער ווי דו ווייס
„וויפיעל איך האָב געליטען, וויפיעל בלוט פון מיין הארצען,
„וויפיעל מארך פון מיין קאָפּ איך האָב אָפּגעגעבען אום
„דאָס פערשקלאַפּטע פאָלק ישראל דיינע געזעצען צו לער־
„נען, אום אין זיי גלויבען און גערעכטיגקייט טראָפּענס־
„וויז אריינצוטריפען, אום זיי אין נויט און אין ליידען צו
„שטארקען, אום זיי דורך דער לאַנגער וויסטע צו פיהרען...
„מיט פארשפּרעכונגען פון דעם שענעם לאַנד וואָס דו
„האָסט פאר זיי, האָב איך זייער מוטה אויפגעהאַלטען און
„און קיינעם האָב איך אין דיין צוזאָג צווייפלען ניט
„געלאָזט...

„איצט זאָגסטו צו מיר: „דו זאָלסט דעם ירדן ניט
„אריבערגעהן! אלע וועלען קומען אין דאָס געבענשטע
„לאַנד, נור דו ניט."

„גאָט פון גערעכטיגקייט, איז דאָס מיין לוין? איז
„דאָס מיין געצאָהלט פאר פערציג יאָהר פון גאָטספּאָרכטיג־
„קייט, פון טרייער איבערגעבונג צו דיר און צו דעם פאָלק
„וואָס דו האָסט אויסערוועהלט?"

אָבער גאָט'ס שטים האָט געענטפערט:

„דיין גזר־דין איז פערזיעגעלט..."

און ווייכער און וויינענדיג האָט דער פּראָפּעט געבעטען:

„אויב איך קען ניט דאָס שענע לאַנד מיט מיינע אויגען „זעהן, אויב עס איז מיר ניט בעשעערט צו הערען מיט „מיינע אויערען דעם ווינד וואָס רוישט אין די בליהענדע „בוימגערטנער פון כנען, אויב איך מוז שטאַרבען אויף „דער זייט פון דעם ירדן, דאַן לאָז מיך כאָטש טויטערהייד „קומען אין מיין געליעבט לאַנד, לאָז מיינע טויטע „גליעדער אריבערטראָגען אהין וואו די פּאָטערס „פון די שבטים רוהען... זיינען ניט די ביינער פון יוסף'ן „אריבערגעבראַכט געוואָרען פון מצרים אין כנען?“

אָבער די שטים האָט געענטפערט:

„ווען יוסף איז געקומען, א ווילד־פרעמדער, א פער־„יאָגטער, אן אונגליקליכער אין פרעה'ס לאַנד, האָט ער „געזאָגט אז ער איז א איד, אן אייניקעל פון „אברהם, א זוהן פון יעקב... ניט פערלייקענט האָט ער „זיין שטאַם. האָסט די האָכזעלביגע געטהאָן ווען די ביזט, „לאַנג, לאַנג צוריק, אנגעקומען אין מדין? האָסט דו ניט „דעמאָלט פאַר די ווילדע געצענדיענער דיין יחוס פאַר־„שטעלט?“

און משה האָט ווייטער געוויינט:

„אויב איך מוז שטאַרבען, אויב איך קען אויף דער „וועלט ניט זיין מעהר אין געשטאַלט פון א מענשען,

„לאָמיך לעבען אין דער געשטאַלט פון איינעם פון דיינע
„פיעלע ברואים וואָס לויפען פריי אין וואַלד אַרום, אין
„עסען די זאַפטיגע קרייטער און טרינקען פון די קלאָרע
„פרישע קוועלכלעך, און קוויקען זיך מיט דיין וועלט...“

„ניט בעט!“ האָט די שטימע געענטפערט.

און דער פראָפעט האָט ווידער געוויינט:

„פערוואַנדעל מיך אין א קליין פויגעלע כאָטש,
„וואָס פליהט לוסטיג פון איין עק הימעל צום צווייטען,
„וואָס קלייבט זיינע קערנער בייטאָג און געפינט זיין רוה
„ביינאַכט אין זיין נעסט אויף א שפיץ פון א בוים, פון
„וואַנען ער קען דיינע בלויע הימלען זעהן און דיינע שענע
„שטערען אָנקוקען...“

„ניט בעט!“ האָט די שטימע ווידערהאָלט.

אָבער די זון און די לבנה האָבען משה'ס שמערץ ניט
געקענט צוקוקען, און פאַר דעם כסא הכבוד זיינען זיי
אַרויפגעשטיגען און האָבען געזאָגט:

„באַשעפער פון ליכטיגקייט! מיר קענען דעם וועה־
„טאָג פון דעם גרויסען פראָפעט ניט צוזעהן מעהר... מיר
„וועלען צו שיינען אויפהערען, מיר וועלען אונזערע
„שטראַהלען אויף דער ערד ניט אַרונטערשיקען, אויב דו
„וועסט איהם דאָס לעבען נעהמען...“

און צאָרניגע וויים־פייערדיגע פיילען האָט דאַן גאָט

אין די זון און אין די לבנה אריינגעשאָסען, און ווערטער אזוי ווי בליצען האָבען אַרויסגעפלאַקערט פון כביכול'ס מויל:

„איהר האָט צוגעזעהן ווי מען האָט זיך צו אייך „געבוקט, ווי מען האָט מענשען־קרבנות געאָפּפערט צו „אייך און דער פערשוועכטער כבוד פון ־עב אמת'ן איינ־ „ציגען באַשעפער אייערען האָט אייך ניט געקימערט, און „איהר האָט אייער שיין ניט צוריקגעהאַלטען. און איצט „ווילט איהר צוליעב א מענשען, צוליעב א יהודי־אישה, מיין „באפעל ווידערשפּענסטיגען?...“

און ווען משה האָט זיך נאָכדעם געווענדעט צו דער זונן און צו דער לבנה זיי זאָלען זיינע שתדלנים זיין, האָבען זיי איהם געענטפערט:

„מיר האָבען פאר זיך אליין צו בעטען, דען אונזער „ליכט ווערט אויך אמאל דונקעל ווערען, און פּאַרשיינאָנדען „יוערען וועלען מיר אויך דעם אלמעכטיגען'ס באַפעהל...“

און צו די שטערען און די פּלאַנעטען האָט משה זיך געווענדעט זיי זאָלען בעטען פאַר איהם, אָבער טרויעריג איז זייער ענטפער געווען:

„מיר האָבען פאר זיך אליין צו בעטען, דען אַנגעשרי־ „בען איז אַז די שטראַהלענדע קערפּערס פון הימעל וועלען „ווי שטויב צוריבען ווערען, ווען זייער צייט וועט קומען...“

און צו די הימלען און צו דער ערד האָט זיך משה געקעהרט, אָבער קאַלט איז זייער אָפּזאָג געוועזן:

„מיר האָבען פאַר זיך אַליין צו בעטען. דען די „הימלען וועלען ווי רויך צוגעהן און די ערד ווי א קלייד „צוקריכען ווען זייער שעה וועט קומען.“

און צו די בערג און צו די הויכע פעלזען איז משה געגאַנגען, אבער בעטריבט האָבען זיי איהם א תשובה געגעבען:

„מיר האָבען פאַר זיך אַליין צו בעטען. דען באַ־ „שטימט איז פון אויבען, אז די בערג זאָלען אונטערגעהן און די פעלזען זאָלען כלה ווערען.“

דאָן איז צו דעם ברויזענדען און קאָכיגען ים געגאַנגען משה מיט זיין געבעט.

און די וועללען האָבען געשוימט און גערודערט, האָבען זיך ווי הויכע טהורעמס אויפגעשטעלט, זיינען ווי שטאָלצע ריעזען אויפגעשפרונגען, און מיט טומלענדען און רוישענדען שפּאָט האָט דער ים געענטפערט:

„ביזטו ניט דעריעניגער וועלכער האָט דעם ים „געשפּאָלטען, וועלכער האָט באַפויהלען די וואַסער־ „שטראָמען צו אַנטלויפען און דיין ווילען איז געשעהן? „ביזט דו ניט מעכטיגער פון מיר געוועזען? האָסט דו „ניט מיט דיין שטעקען די אינדען צוטהיילט? איך האָב „זיך פאַר דיר אין שרעק צונויפגעקנוילט, איך האָב פאַר

„דיין ליכטיגען פנים מורא געהאט, די שטראהלען פון דיין
„שטערן האבען מיך מיט פחד פאריאגט — און איצטער
„ווילסטו איך זאל דיך רעטען?...“

און דער אמאליג שטאלצער נביא האט מיט גע־
שטיקטע טהרערען געמורמעלט:

„דער קעניג פון דער וועלט, פון דער ערד, און פון די
„וואסערען בין איך דאמאלס געוועזען, די שליסלען פון
„הימעל האב איך אין דער האנד געהאלטען, דער בצעפטער
„פון גאט איז אין מיינע פינגער געוועזן... די וואלקען
„האבען מיין שליחות אויסגעפיהרט, די בערג האבען גע־
„ציטערט פאר מיר, די ווינדען זיינען מיינע משרתים
„געוועזן... אבער שוואך און אהן מאכט בין איך איצט...
„אין מיין ווארט האט קיין האפט ניט אין די טהירען פון
„הימעל זיינען פאר מיינע תפלות פארשלאסען...“

אבער דער ים האט מיט נקמה די וועללען געבראכען
און האט פון דעם נביא געשפאט...

און צו דעם לייב־באדיענטען פון גאט, צו דעם מלאך
מטטרון איז משה געגאנגען און האט זיין הילף געבעטען.

מיט שטראהלענדע ליעבשאפט, מיט ווייכען מיטלייד
האט דער הויכער מלאך זיינע ברייטע שנעע־ווייסע
פליגלען געטרייסעלט און האט זיין ליכט־באקרייזטען קאפ
צו דעם אלטען פראפעט געבויגען, און א טהרער ליכטיג און

דופטיג איז פון מטטרון'ס אויג אויף דעם נביא'ס האָאר געפאַלען:

„נביא הייליגער, צו וואָס נאָך לעגסטו אזוי די „וועלטען איין? פון הינטער דעם פאָרהאַנג, פון וואו עס „זיצען די הימעלישע ריכטער פארנומען האָב איך: „משה „כוז שטאַרבען“, און דיין געבעט וועט ניט צוגעהערט „ווערען...“

און אַ ווילד־פאַרצווייפעלטער קרעכץ האָט זיך ארויס־געריסען פון משה'ס טיעפסטען הערצען... ביטערע גע־שרייען זיינען ארויס פון זיין מויל, ביז די שכינה האָט זיך מיט אַ וואָלקען פון צאָרן פאַרצויגען, און דער גאָט פון גערעכטיגקייט און ראַכע האָט בייז אויף דעם ווייגענדיגען נביא געקוקט...

אָבער משה האָט געכליפעט:

„ביזט דו בלויז דער גאָט פון גערעכטיגקייט? „טראָגסט דו ניט די קרוין פון מיטלייד און באַרמהערציג־„קייט, פון פארגעבונג און פון ליעבשאַפט?“

מילדער האָט דאַן געבליקט דאָס אויג פון כביכול און אַ שטים פעסט ווי אַ פעלז און לינד ווי פריהלינג־ווינד האָט געענטפערט משה'ן:

„ווען דאָס פאָלק וואָס דו האָסט פון מצרים ארויס־„געפיהרט, האָט אין מיינע אויגען זיך פאַרזינדיגט און איך „האָב זיי באַשלאָסען צו פארניכטען, ביזט דו אויף דיינע

„קני געפאַלען, געיאָמערט האָסטו איך זאָל זיי פאַרצייהען,
„און איך האָב מיין באַשלוס פון דיינעטוועגען געענדערט,
„און איך האָב מיין באַפעהל־וואָרט צוריקגעצויגען... און
„דיין ווילען איז געשעהען קעגען מיינעם. — ווילסטו איצט
„ווידער אויפפיהרען קעגען מיך? אָדער ווילסטו דיין
„אַמאָליגע תפלה צוריקנעהמען, מיין דאַמאָלסדיגען באַ־
„שלוס באַשטעהען לאָזען, כדי איך זאָל מיין איצטי־
„גען ענדערן? — אויב דו ווילסט עס, דאַן וועסטו דיין
„אייגען לעבען געשענקט קריגען, אָבער דיין פאָלק, דיין
„זינדיג פאָלק וועל איך פאַרניכטען, און דאָ אין דעם
„מדבר וועלען זיי אַלע אונטערגעהן."

אָבער אויפגעשפרונגען איז משה ווי פון אַ גיפטיגער שלאַנג געביסען און אויסגעשריען האָט ער:

„ניין, ניין, זיי זאָלסטו ניט שטראָפען. הונדערט
„און טויזענד, אַזעלכע ווי משה זאָלען אין קבר געהן,
„אָבער ריהר ניט אָן דעם מינדעסטען נאָגעל פון זיי...
„ריהר ניט אָן מיין שווער־געפּלאָגטעם פאָלק...

„אבער איז עס דיין רצון, אַז די פּיס וועלכע זיינען
„פון באַרג סיני צו דיר אויפ'ן הימעל אַרויפגעשטיעגען, די
„הענד וועלכע האָבען דיינע הייליגע לוחות פון די וואָל־
„קענס צו דעם פאָלק אַרונטערגעטראָגען, און דאָס געזיכט
„אויף וועלכען דער שטראַהלענדער בליק פון דער שכינה
„איז געפאַלען — אַז זיי זאָלען ליעגען מיט ערד באַדעקט,

„זאָלען נאָהרונג פאר די ווערים זיין, און זאָלען פוילען אין
„דער פייכטקייט פון דעם קבר? — איז עס דיין רצון
„אזוי?“

וויין האָט כביכול'ס שטים געענטפערט:

„אזוי איז דאָס געזעץ פון דער וועלט... די פיהרערס
„און די פּראָפעטען בייטען זיך מיט זייערע דורות... דו
„ביזט געוועזען דער פיהרער, דער היילינער נביא, דער פער־
„מיטלער צווישען מיר און דיין דור... אבער דיין דור
„ליענט באַגראָבען אונטער די הייסע זאַמדען פון דעם
„וויסטען מדבר, און דער וועגווייזער און פאָרשטעהער פון
„די וואָס לעבען איצט וועט זיין דיין תלמיד, דיין נאָכ־
„פאָלגער יהושע... און ער וועט זיי אין כנען ברינגען...“

אָבער משה האָט געבעטען:

„איך וויל ניט קיין הערשער זיין, איך וויל ניט דעם
„פיהרער־שטעקען האַלטען... נעהם איהם אָפּ פון מיר.
„גיב יהושע'ן די מאַכט און די פיהרערשאַפט און מיר שענק
„בלויז לעבען... איך וועל זיין תלמיד, זיין געהאָרכזאַמער
„באַדיענטער זיין, אָבער לאָמיך מיטגעהן אין דאָס לאַנד
„וואָס איז געוועזען אויף מיינע ליפּען און אין מיין הערצען
„אזוי לאַנג... לאָמיך זעהן מיין פאָלק א רוהיגעס, א
„גליקליכעס!...“

מיט קומער און מיט צערטליכקייט האָט דאַמאָלס גאָט
געזאָגט:

„געה צו יהושע'ן, און זיי זיין תלמיד, ווי דו פאר־
לאנגסט.“

און משה איז אזועק צו דעם געצעלט וואו יהושע איז געזעסען ארומגערינגעלט פון תלמידים און האט די ווער־טער פון דעם נביא אויסגעטייטשט פאר די וואס האבען ניט פארשטאנען. און משה האט זיך איינגעבויגען און צוגייפגעדרעהט אין האט זיך אין א ווינקעל פארדרוקט און ניט יהושע אין ניט זיינע תלמידים האבען איהם באמערקט.

און פיעל מענשען זיינען אונטערדעסען געקומען צו דעם געצעלט פון משה'ן און האבען איהם ניט געטראפען, און ווען מען האט זיי געזאגט וואו ער איז, זיינען זיי אוועק צו יהושע'ס געצעלט און דארט האבען זיי איהם געפונען, ביי דער טהיר, שטעהענדיג אין א ווינקעל... און יהושע איז געזעסען און האט גע'דרש'ט. און מיט פאר־דרוס האבען די מענשען אויסגעשריען:

„יהושע! דיין לעהרער שטעהט אין ווינקעל, און דו זיצט און דרש'עסט?“

און אויפגעכאפט האט זיך יהושע און צושראקען און בלייך און טרייסלענדיג ווי א בלאט אין שטורעם, האט ער זיינע קליידער איינגעריסען, האט זיך געבוקט פאר משה'ן און האט געוויינט:

„רבי מיינער, הייליגער פאטער מיינער...“

אבער ווען דאס פאלק האט געבעטען משה'ן ער זאל

ווי תמיד זייער לעהרער זיי, האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ בעטריבט און האָט געזאָגט:

„איך טאָר ניט."

דאָך דאָס פּאָלק איז ניט אָפּגעשטאַנען און האָט איהם ניט נאָכגעלאָזען ביז אַ בת־קול איז אַרויס:

„אייער לעהרער פון היינט אָן וועט יהושע זיין."

דאַן האָט זיך יהושע געזעצט ווידער אויבען־אָן, איהם צו דער רעכטער זייט איז געזעסען משה, איהם צו דער לינקער זייט זיינען געזעסען די זיהן פון אהרן הכהן. און יהושע האָט גע'דריש'ט און משה האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ און צוגעהערט און געשוויגען...

ווען זיי זיינען אַרויס פון געצעלט איז משה געגאַנגען פון דער לינקער זייט, ווייל אַ תלמיד טאָר ניט געהן צו דער רעכטער זייט פון זיין רבי'ן...

ווען זיי זיינען ביידע אריינגעגאַנגען אין דעם אהל־מועד האָט אַ וואָלקען־זייל איינגעוויקעלט יהושע'ן און האָט איהם פאַרשטעלט פון די אויגען פון משה'ן, און משה האָט איהם ניט געקענט זעהן...

און ווען דער וואָלקען האָט זיך אָפּגעטהאָן איז משה צוגעגאַנגען צו זיין אַמאָליגען תלמיד און האָט איהם געפרעגט:

„וואָס האָט דיר גאָט אַנטפּלעקט ווען דו ביזט אין וואָלקען געוועזען?"

אבער דער יונגער יהושע האָט געענטפערט:

„האָב איך דען געוואוסט וואָס גאָט האָט מיט דיר
„גערעדט ווען ער פּלעגט זיך צו דיר אַנטפּלעקען?“

און קאַלט און בלייך איז משה געוואָרען און ער האָט
געמורמעלט:

„בעסער הונדערט טויטען איידער איין רגע פון
„קנאה. ביז איצט האָב איך לעבען געוואָלט... איצט גיב
„איך דיר, אַלמעכטיגער, מיין נשמה, זאָל דיין גזר־דין
„געשעהן...“

און סמאל דער קיניג פון די טייוואָלים האָט זיין
גאַנצע סוויטע צוזאַמענגערופען. א יום־טיב איז געוואָרען
ביי זיי. און סמאל האָט געוואָרט און האָט געזאָגט:

„ווען וועט שוין קומען דער מאָמענט ווען
„משה וועט שטאַרבען, ווען איך וועל צווישען מיינע
„נעגעל זיין נשמה האַלטען, ווען זיין לעהרער און זיין
„באַשיצער, דער ליבטיגער מלאך מיכאל, וועט טרערען
„פאַרגיסען און איך וועל לאַכען...“

פון אונטער דער ערד האָבען טויזענדער פינסטערע
גייסטער געלאַכט...

דאָך גאָט האָט גערופען גבריאל המלאך און איהם
האָט ער געהייסען ברינגען די נשמה פון משה'ן.

אָבער גבריאל האָט זיך געבעטען:

„אַלמעכטיגער, איך האָב ניט די קראַפט... דען
„גרעסער און וויכטיגער ווי די נשמות פון די ששים רבוא
„וואָס רינגלען איהם אַרום איז די נשמה פון דעם אַלטען
„נביא.“

דאַן האָט גאָט גערופען מיכאל׳ן, אבער ער האָט זיך אָפּגעבעטען:

„גאָט פון די אראלים! זיין לעהרער בין איך געווען,
„ווי זאָל איך איצט זיין נשמה רויבען?...“

און גאָט האָט געשיקט סמאל׳ן.

מיט ווילדער גרויזאַמקייט, מיט פרייד פון נקמה אויפגעשפּרונגען איז דער גייסט פון פינסטערנים און האָט זיין לאַנגען שווערד אָנגעגורט. אָבער ווען ער איז געקומען צו משה׳ן האָט ער זיך פאַר זיין שיינענדיגען געזיכט דער־שראָקען, און זיינע לענדען האָבען ציטערן אָנגעהויבען, און ער האָט קיין מויל ניט געקענט אויפמאַכען ביז משה האָט זיך צו איהם געווענדעט און געפרעגט:

„וואָס ווילסטו, גייסט פון זינד און פינסטערנים?“

„איך וויל דיין נשמה.“ האָט געענטפערט סמאל.

„ווער האָט דיך אהער געשיקט?“ האָט ווידער משה געפרעגט.

„מיך האָט אהער געשיקט דער באַשעפער פון אַלע
„מענשען... זייערע נשמות האָט ער אין מיינע הענד
„איבערגעגעבען.“

„אבער ווייסטו די מאכט וועלכע איז מיר געגעבען
„געוואָרען?" האָט צאָרניג דער נביא געפרעגט. „זעען איך
„בין בלויז דריי יאהר אלט געוועזען האָט שוין גאָט'ס
„נבואה פון מיין מויל גערעדט, און איך האָב שוין פאָר־
„אויס פראָפעצייט אז דורך רויך און דורך פלאמען וועל איך
„גאָט'ס געזעצען פון הימעל אַרונטערברענגען אין זיי
„צווישען זיין פאָלק פערשפרייטען... צו דריי יאָהר האָב
„איך דעם מעכטיגען פרעה'ן די קרוין פון שטערען אַרונ־
„טערגעריסען. שפּעטער האָב איך וואונדער בעוויזען און
„האָב זעקס מאָל הונדערט טויזענד שקלאַפען פון קנעכט־
„שאַפט אַרויסגעפיהרט... די שטראָמענדע וואַסערן פון
„ים־סוף האָב איך אין צוועלף טהיילען צוריסען אום פאַר
„די צוועלף שבטים צוועלף טרוקענע וועגען צו מאַכען...
„אויף די הימלען האָט מיין פוס א וועג זיך אויסגעטרעטען,
„מיט מלאכים האָב איך זיך געראַנגעלט, און שרפים האָב
„איך בעזיעגט און האָב פון זיי זייערע בעהאַלטענע סודות
„אַרויסגעריסען און זייערע געהיימנויסען האָב איך פאַר
„באַשעפעניסען פון פלייש און בלוט אנטפּלעקט... פּנים
„אל פנים האָב איך מיט גאָט גערעדט און מיר האָט ער
„זיינע פייערדיגע ווערטער פאַרטרויט... מיט מיין
„שטעקען האָב איך די ריעזען בּיהון און עוג דערשלאָגען,
„און די זונן און די לבנה האָבען אויף מיין באַפעהל אין
„זייער הימעל־קרייז זיך אָפּגעשטעלט... ניט דו ביזט
„שטאַרק גענוג מיין נשמה צו נעהמען..."

אין הײלע שרעקעניסען אנטלאָפען איז סמאל, אבער גאָט'ס שטרענגע שטימע האָט איהם צוריקגעטריבען:

„געה און ברינג משה'ס נשמה."

און װיעדער האָט זיך דער פינסטערער מלאך באַװיזען מיט זײן שאַרפען בליצענדיגען שװערד אין דעם נביא'ס געצעלט.

אָבער מיט זײן מעכטיגען שטעקען האָט איהם משה פאַריאָגט און מיט אײנעם פון די שטראַהלען װאָס האָבען פון צװישען זײנע אױגען געגלאַנצט האָט ער סמאל'ס אױגען בלינד געמאַכט...

דאָך אַ בת־קול האָט אַרױסגעקלונגען:

„משה, משה, דײן צײט איז געקומען... דו זאָלסט „פון דער ליכטיגער װעלט זיך שײדען... אבער שרעק זיך „ניט. קײנער, ניט סמאל און ניט קײן אַנדערער װעט „דיך אָנריהרען. איך אַלײן װעל דײן נשמה צונעהמען..."

און גאָט כביכול איז פון זײן טהראָן איבער די זיבען הימלען, אַרונטערגעשטיעגען, און טױזענד כתות מלאכים הינטער איהם... װי אַ רױשיגער ים האָבען זײערע פליגלען גע'רעש'ט, װי גרױסע װײסע כװאַליעס האָבען זײ זיך צו משה'ס געצעלט געטראָגען... און די דרײ מלאכים װאָס שטעהען תמיד נעבען דעם כסא הכבוד, האָבען זיך גע־שטעלט בײם געלעגער פון דעם שטערבענדען נביא...

איינער רעכטס און איינער לינקס און איינער איהם צוקאָפּענס.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

„מאַך צו דיינע אויגען."

און ער האָט זיי צוגעמאַכט.

„לעג דיינע הענד אויף דיין ברוסט ארויף."

און ער האָט פארלעגט זיינע הענד אויף דער ברוכט.

„ציה אוים דיינע פיס."

און ער האָט זיי אויסגעצויגען.

דאמאלס האָט כביכול א קוש געטהאָן דעם נביא אויפ'ן שטערען און דאָט איהם מיט ליעבשאַפט די נשמה ארויסגעקושט...

1909



# דער דיכטער-דער זעהער

ער זעהט אין יעדען וואסער־שטויב דעם אוקינוס, אין דעם שוואכסטען שטראהל — דעם אור הגנוז, אין איטליכען אויגענבליק — די אייביגקייט.

אין א טראפען טהוי אויף דעם שפיץ פון א דינעם גראז־פאדעם שפיגעלט זיך פאר איהם די גאנצע גרענצלאזע נאטור.

און דארום באגנוגענט ער זיך קיינמאל ניט מיט דעם „איצט“, וועלכער איז באשרענקט. זיין אויג איז ענט־ווערער אין פארגאנגענהייט אדער אין צוקונפט, און זיין דיכטען איז ענטוועדער א בענקענים אדער א נבואה.

זיין מעסט־שנור און זיין בליי־געוויכט איז ניט די ווירקליכקייט, נור די װאהרהייט. די ניט־געבארענע, טיעף אין דעם מוטערלייב פון דער נאטור צוזאמענגעקנוילטע מעגליכקייט, איז ביי איהם א געשעהענער פאקט.

פאר איהם איז דער גייסט — א ממשות, און דער קערפער — א צופאל. און אלע נאך ניט פאר'גופ'טע זעעלען פון דעם אוצר הנשמות זיינען שוין פאר איהם לעבעדיגע אָטהעמענדע באשעפעניסען.

פאר איהם עפענען זיך די קברים פון געשטאָרבענע דורות אין די טויטע שפריזען ארויס פול מיט לאבענדען לעבען; אין זיין אויער הערט דעם טראמפעל פון צוקינפ־טיגע באטאליאָנען.

איהם דערעצהלט דער טויט פארלאָשענע סודות, און דאָס לעבען ווייזט איהם די געהיימסטע פלענער לאנג איידער זיי קריגען געשטאלט.

און דרום פיעללייכט איז ער ניט קיין מענש פון טהאָט, קיין איש המעשה, דען פאר איהם איז שוין זיין טרוים א פאקט, און זיין שטרעבונג — אן ערפילונג. דער שטאפעל־לייטער איז ניט פאר איהם, דען ער קלעטערט קיינמאל ניט. מיט איין פליעגעל־שוואונג איז ער אויפ'ן סאמע שפיץ. —

אָבער שטעהענדיג דאָרט, אויף דעם העכסטען שטא־פעל איז זיין געשטאלט דיעניגע וואָס ערמוטהיגט און ציהט ארויף־צו די גרויסע ארמעע פון די קלעטערערס...

„אימיצער איז צום שפיץ דערגאנגען“ — געהט דאָס געמורמעל פון שטאפעל צו שטאפעל, אין מיט שיוערער

מיה און מיט שוויים, הייבט זיך דער נ י ע ד ר י ג ס ט ע ר
העבער, העכער — אהין וואו ע ר שטעהט. —

ביי איהם איז די וועלט תמיד ניי. איטליכע מינוט פון זיין לעבען איז אן ענטציקונג פון מעשה בראשית. רען ער זעהט אין דעם ז י י ן דאס ו ו ע ר ע ן. ער מאכט נאכאנאנד ש ה ח י נ ו.

וואו אלע זעהען דאס ב י ל ד, זעהט ער דאס מ א ל ע ן, ריכטיגער, די ק י נ ס ט ל ע ר ה א נ ד וואס מאלט...

אין יעדען זונען־אונטערגאנג און יעדען צאת־הכוכבים, ווי אפט ער זאל זיי ניט האבען געזעהן, זייגען פאר איהם אן אנטפלעקונג, און יעדער פריהלינג איז א וועלט־באשאפונג, און יעדע אויסגעשטערנטע נאכט — א גילוי שכינה...

דען פאר איהם איז ניטא קיין צ ו ש ט א נ ד, ע ר זעהט בלויז ע נ ט ו ו י ק ל ו נ ג. ער שפירט די באוועגונג פון די אטאמען, די אונרוה פון די חלקים אין דעם ט ו י ־ ט ע ן פעלז אפילו.

אין איהם דערגרייכט די וועלט איהר „תכלית השלמות“ — איהר א י י נ ה י י ט. און אלע געגענשטאנדען און אלע ערשיינונגען טרעפען זיך צוזאמען אין איין ברענ־פונקט... ע ר איז די אונענדליכקייט פון וועלכער זיי אלע שטראמען ארויס...

און אַלע חושים זיינע זיינען בלויז צוויינגען פון איין ח ו ש... און קלאַנג און דופט און געשטאַלט זיינען ביי איהם א י י נ ס.

ער הערט מיט'ן אויג און זעהט מיט'ן אויער און פידלט דעם בשמים־ריח פון די שטערען, און דער שטומער שטיין רעדט צו איהם ניט ווענינער, ווי דער הילכיגער וואסערפאַל...

1910

# אונזערע פּראָפעסארען

מע האָט גערעדט פון די גרויסע אידעאַליסטען פון אונזער צייט. יעדער האָט געהאַט צו דערצעהלען וואונדערליכע אַנעקדאָטען פון דער זעלבסט־אויפאָפּפערונג וואָס זיין העלד האָט ארויסגעוויזען, פון דער גדלות פון זיין אָפּגאָט.

דער בעל הבית ארום וועלכענ'ס טיש מיר זיינען געזעסען, אַ איד פון אַ יאָהר זעכציג מיט קלוגע שווארצע אויגען און אַ לאַנגער ווייסער עבט־אידישער באָרד, איינער פון יענע טיפּען פון דעם אַלטען דור, פאַר וועלכען די יונגע פיהלען ניט ווילענדיג א מין שרעק געמישט מיט בושה, האָט געהאַלטען דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזען און שווייגענדיג זיך צוגעהערט צו אונזערע ספּורים.

— און איהר, רב זאב, זאָגט דאָך אז די היינטיגע זיינען ניט ווערטה אַ שמעק טאַבאַק. — האָט זיך ענדליך ארויסגעכאַפּט דער יונגער אינזשעניער מיט ברילען.

— און וואָס דענקט איהר מכח די אַלטע?

ר׳ זאב האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַרויסרעדענדיג די דאָזיגע ווערטער, און האָט פאַרשעמדיג אָנגעקוקט די יונגע נעזיכטער אַרום איהם.

מיר האָבען געוואוסט אַז באַלד וועט קומען איינע פון יענע האַרציגע געשיכטעס, וואָס האָבען אונז געמאַכט טהייער און ליעב אַ פערזאָן, מיט וועלכער מיר האָבען זאָנסט ניט געהאַט קיין איינציגע בשותפות׳דיגע מיינונג.

אַ ווייל׳ע איז געווען שטיל. מיר האָבען געוואַרט און פּרובירט פאַראויס טרעפען דעם אינהאַלט פון דעם וואָס וועט קומען. דער אַלטער האָט געגלעט זיין באָרד... ער האָט קענטיג געזעהן פאַר די אויגען עפּעס וואָס איז ניט געווען ניט אין צימער און ניט אין דער געגענוואַרט, נור ערגעץ אין אַ ווייטען לאַנד, אין דעם נעבעל־לאַנד פון עבר.

און דאַן האָט ער גענומען דערצעהלען:

„ביי אייך האָט איהר יעצט גימנאַזיעס און אוני־ווערזיטעטען, און פּראָפעסאָרען. ביי אונז האָבען מיר געהאַט ישיבות, וואו מען פלעגט זיצען טאָג ווי נאַכט און לערנען. ניט צו קריגען אַ דיפּלאָמאַ און אַ דאָקטאָר־טיטול, נור צו קוויקען זיך מיט דעם וואָרט פון גאָט, — אין אַנשטאַט אַ פּראָפעסאָר פלעגט זיין אַ ראש הישיבה, וואָס האָט געגעבען ברויט מיט וואַסער און איז אַליין געזעסען יומם ולילה איבער דער גמרא.

„און לאָמיך אייך דערצעהלען וואָס פאַר אַ פּראָפע־סאָרען מ י ר האָבען געהאַט.

„דאָס זיינען געווען צייטען ווען קינד־און־קויט האָבען געוואָלט לערנען תורה. און ישיבות זיינען ניט געווען גענוג. אין בתי מדרשים, אין קלויזען, אין שטיבלעך איז מען געזעסען און מען האָט מיט התלהבות, מיט מסירת נפש געלערנט.

„און דער גרויסער רב חיים, דער אַלטער גרייז־גראָער גאון, האָט באַשלאָסען צו גרינדען אַ ישיבה. קיין צייטונגען זיינען ניט געווען, פון קיין אויפרופען פאַר הילף האָט מען ניט געוואוסט, און דער זקן האָט גענומען זיין וואַנדער־שטעקען און איז אַוועק איבער דער וועלט קלייבען געלד פאַר זיין ישיבה.

„נגידים זיינען געווען ווייניג אין יענער צייט. אבער די הערצער זיינען געווען רייך, שטיין־רייך, און דער אָרעמסטער האָט געגעבען זיין פרוטה; און פרוטה צו פרוטה האָט דער גרייז געזאַמעלט, פון שטאָדט צו שטאָדט איז ער געגאַנגען, און יאָהרען־לאַנג געוואָגעלט זיינע אַלטע ביינער, ביז אין זיין גאַרטעל זיינען געווען די הונדערט דוקאַטען מיט וועלכע צו בויען דאָס הויז פון גאָט — די ישיבה.

„אַן אָרעמער הילצערנער בנין איז עס געוועזען, אָבער דער לייכט־טהורעם האָט עס געזאָלט ווערען פון וועלכען דאָס ליכט פון דער תורה זאָל זיך שפּרייטען איבער דער וועלט.

„און פון אלע עקען זיינען געקומען יונגע לייט. דען די בשורה פון דער נייער ישיבה האט דערגרייכט פון דער־ווייטען, און דער אלטער גאון האט איטליכען פון זיי מקבל פנים געווען און געקוסט אין שטערען אין געבענטשט.

„שוין זיינען די גמרות פארטהיילט געוועזען צווישען די ישיבה־לייט און אויף מארגען ביים שפראץ פון טאג, האבען די טהויערען פון די ישיבה געדארפט זיך עפענען, און הונדערט קלינגענדע שטימען האבען געזאלט אנפילען דאס הויז מיט היילינקייט און ווארעמקייט.

„אין זיין קליינעם קאמערל פאר אן ארעמען הלב'נעם ליכטעל געזעסען איז דער אלטער רבי חיים און געלערנט און זיין הערץ איז געווען פול מיט פרייד: מארגען באגינען וועלען אידישע קינדער פארהילכען ז י י ן ישיבה מיט דעם געזאנג פון דער תורה.

„אויף די האלב־צובראכענע פענסטער פון דער הורבה וואו דער גאון האט געוואוינט, האט פלוצלינג אנגעהויבען צו קלאפען א שטורעם און באלד האט עס אנגעהויבען שנעען און דרעהען, און די פענסטער זיינען געווארען אין גאנצען פארדעקט מיט הויפענס אנגעטראגענעם שנעע.

„און דער אלטער האט געזיפצט, און שלאפען איז ער ניט געגאנגען, און זיין הערץ האט געציטערט, און טהרערען זיינען געשטאנען אין זיינע אויגען, און זיינע ליפען האבען געמורמעלט מיט אנגסט:

„ווי וועלען מ י י נ ע ישיבה־לייט קענען א וועג געפינען אין די הויפענם שנעע? וועט ניט אימיצער פון זיי אויסען בלייבען? —

„און געווארט און געווארט האט דער אלטער, און ווען דער שנעע האט אויפגעהערט, און די נאכט־שטערען האבען זיך גענומען אויסלעשען, אנגעטהאן האט דער זקן לאנגע פארטריקענטע שטיוועל און אין שנעע איז ער ארוים. צו יעדעם הויז וואו א ישיבה־מאן איז איינגעשטאנען איז ער געגאנגען מיט זיינע מידע טריט און א וועג האט ער אויס־געטרעטען פאר איטליכען הויז, ביז פון יעדען הויז האבען זיך געצויגען פארטיגע אויסגעטרעטענע שטעגען צו דער ישיבה...

„דאן איז ער אריין אין דער דונקעלער ישיבה, אנ־געצונדען א ליכטעל און זיך געזעצט לערנען, און זיין הערץ האט ווידער געטאנצט פון פרייד: באלד וועט ז י י ן ישיבה הילכען מיט דעם געזאנג פון דער תורה.

„אזעלכע פראפעסארען האבען מ י ר געהאט.“

1910



# דער פיעדעל־שפיעלער אָהן הענד

עס איז געווען א סוף־זומערדיגער פארנאכט. די זונן האָט זיך נאָר וואָס אראָפּגעגליטשט הינטער די בלויע בערג און די גאָלדענע פארבען פון דעם מערב־הימעל זיינען לאנגזאם אָפּגעשטאָרבען. אין דעם רוישען פון די בוימען ארום הייז האָט זיך געשפירט אי די עראינערונג פון דעם ניט־לאנג פארגאנגענעם פריהלינג, אי דער ייפין פון דעם אָנקומענדען הערבסט.

אָנגעהויבען האָט זיך דאָס געשפרעך מיט זונענ־אונטערגאנגען און שעהנע לאנדשאפטען. ביסלעכווייז זיינען מיר אריבערגעגאנגען צו קונסט און אנעקדאָטען פון דעם לעבען פון גרויסע דיכטער און קינסטלער.

דער אלטער מוזיק־לעהרער, א דאַר קליין מענשעל פון א יאהר זעכציג, מיט א גרויכען שנעע־געלאָהטען קאָפּ און

מיט צוויי שווארצע פער'חלום'טע אויגען, האָט אָפּגעשטאָ־
קעלט די אַש פון זיין ציגאַר און האָט געזאָגט:

— איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה, ניט קיין אויסגעטראַכטע און ניט קיין סתם געהערטע, נאָר פון מיין אייגענער ערפאַהרונג — פון דעם גרעסטען פיעדעל־שפּיעלער וועלכען די וועלט האָט ווען־עס־איז געהאַט.

— ווי רופט מען איהם? — האָבען אַ האַלב טוץ שטימען מיט אַמאָל געפרעגט.

— איהר האָט זיין נאָמען קיינמאָל ניט געהערט, — האָט דער אַלטער געלאַסען געענטפערט — יעדענפאַלס, ווייסט איהר ניט אַז ער איז געוועזען דער גרעסטער טאָן־זשעניע וואָס האָט בעריהרט אַ סטרונע זינט יובל האָט צוערשט מוזיק אינסטרומענטען ערפונדען.

— איינער פון יענע וואָס האַלמס זאָגט, אַז זיי לעבען אויף דעם סמך פון דעם נאָמען וועלכען זיי האָבען געקענט מאַכען — האָט דער קריטיקער צוגעלעגט.

— איך ווייס ניט ווער אייער האַלמס איז — האָט דער מוזיקער מיט אַ האַלב־געררייצטען טאָן געזאָגט — אָבער אויב ער האָט עס געמיינט אַלס איראָניע, איז ער דאָס מאָל ניט גערעכט געוועזען. דער יעניגער פון וועלכען איך וועל אייך דערצעהלען איז געוועזען דאָס וואָס ער האָט געקענט זיין. און אויב די וועלט האָט איהם איהר אנערקע־נונג ניט געגעבען איז שולדיג בלויז אַ טראַמוויי קאַר.

— אַ טראַמוויי־קאַר?...

— יאָ, אַ טראַמוויי־קאַר. אבער אויב איהר ווילט פאַרשטעהן ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט מוזט איהר האָבען אַ ביסעל געדולד, און מיר ניט אַריינפאַלען אין די רייד מיט אייערע קשיות.

— מיר שווערען, מיר שווערען — האָבען אַלע אין אַ קאָמישען כאָרוס אַרויסגעזונגען.

דער אַלטער האָט אַזוי ווי ניט באַמערקט אונזער לצנות'דיגען טאָן, האָט אַ פּאָאַר מאָל אַריינגעצויגען דעם רויך פון זיין ציגאַר, האָט שטיל געקיקט ווי די בלאָע רויך־צעפּלעך פאַרגעהען אין דער ריינער אבענד־לופט. די אויגען זיינע, זיינען נאָך מעהר חלום'דיג געוואָרען, און האָבען זיך איינגעגעבען אין די צווייגען פון דעם אַנטקעגענדיגען בוים. דאַן האָט ער זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט פון אַ שלאָף, און גענומען דערצעהלען:

„דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר דרייסיג צוריק אין בערלין, אין איך האָב זיך דאַן ערנעהרט פון געבען לעקציאָנען אין פיערעל שפּיעלען. מיין פּרייז איז געווען אַ מאַרק. אַ קבצנ'ישער פּרייז, עה? אָבער פאַר מיר איז עס דאַן געווען אַ'ן עולם ומלואו. דאָס אונגליק איז געווען, וואָס איך האָב בלויז געהאַט דריי אָדער פיער לעקציאָנען אַ וואָך.

— און געגעסען בלויז איין מאָל א וואָך — האָט צוגעלעגט דער דאָקטאָר.

„און אמאָל דאָס אויך ניט — האָט דער אַלטער פּאָרטגעזעצט — געלעבט אָבער האָט זיך דאַן פיעל גליקלי־כער ווי איצט. דאָס איז געווען א צייט ווען מען פלעגט מיט א סימפאָני יוצא זיין אַ מאָהלצייט, און ווינטער פלעגט מען פארזעצען דעם אויבערראָק אום צו געהן אין אָפּעראַ. דאָס זיינען געווען די ערשטע יאָהרען פון מיין מוזיקאַלישער קאַריערע. און די פיערעל איז געווען מיין געליעבטע.

„זוכענדיג איינמאָל א קווארטיר האָב איך געזעהן אין א פענסטער א צעטעל אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעשריבען: „צימער צו פערדינגען פאַר א פיערעל־שפּיעלער".

„איך בין אריין, און בין שנעל מושוה געוואָרען מכח דעם מקח, וועלכער איז געווען זעהר ביליג; פיעל ביליגער ווי איך האָב ערוואַרטעט. נאַטירליך, ווי איהר קענט זיך שוין אליין אָנשטויסען, האָב איך געזאָלט געבען אלס טהייל פון מיין דירה־געלד לעקציאָנען אין פיערעל שפּיעלען.

„נאָך דעמזעלביגען אבענד האָב איך זיך באַקענט מיט מיין צוקינפטיגען תלמיד. דאָס איז געווען א אינגעל א יאָהר זעקס, הויך געוואַקסען און מאָגער, אַז די ביינער האָבען זיך אַזש געטרייסעלט איינער אָן צווייטען, מיט א קליינעם שמאָלען איינגעצויגענעם, בלייך־ווייסען געזיכט,

מיט צוויי דינע ליפעלעך פעסט צונויפגעקלאמערט, ווי זיי וואלטען גאט וויים וואס פאר א סוד אין זיך איינגעשלאָסען און מיט אויגען.... נו, דערצו דארף איך שוין האבען אונזער פּאָעט. איך קען אייך נאר זאגען, אז דאס זיינען געווען צוויי שווארצע כישופ׳דיגע זונען וואס האבען מיך צוגעצויגען און צוגלייך אנגעפילט מיט שרעק... דאס זיינען געווען אויגען פאר וועלכע דער תהום אליין קען זיינע געהיימניסע ניט באהאלטען, און פאר וועלכע דער זיבעטער הימעל מיט דער פמליא של מעלה, מיט די מלאכים און מיט גאט׳ס טהראָן מוזען זיך אנטפלעקען... די גאנצע אונענדליכקייט האט זיך אין זיי געשפּיעגעלט.

„ער האט פאר מיר איבערגעשפּיעלט מענדעלסאָן׳ס א ליעד און שוין נאך די ערשטע פאאר מינוטען האב איך געזעהן פאר זיך א וואונדער־קינד, א צווייטען פּאגאניני, אויב ניט א גרעסערען פון איהם.“

דער אלטער דאָט זיך פארהוסט, האט שטארק גענומען זויגען זיין ציגאר אין די וויים־בלויליכע רינגען האבען זיך געפלאָכטען ארום זיינע געקרויזטע גראָע האאר; דאן האט ער ווידער, אזוי ווי מיט אימפּעט גענומען דערצעהלען:

„פון יענעם אבענד אן האב איך בלויז געהאט איין ציעל אין לעבען: צו ערציהען דאס דאזיגע וואונדער־קינד, און יעדען טאג האב איך אלץ מעהר אויסגעפונען דעם קליינעם זשעני.

„ער איז געווען די נשמה פון מוזיק, און דאָס איז ניט קיין פראַזע, אַלע זיינע חושים זיינען געווען בלויז אויער... אַלץ וואָס ער האָט געזעהן מיט זיינע גרויסע אויגען, אַלץ וואָס זיין קליין קינדערישע נעזעל האָט אַריינגעשמעקט, אַלץ וואָס זיינע קליינע שלאַנקע פינגערלעך האָבען אָנגעטאַפּט, איז תיכף מגולגל געוואָרען אין טענער, אין קלינגענדער מוזיק... אויגען, נאָז, הענד און ליפּען זיינען בלויז געווען שלוחים פון געהער...

„ער איז געווען מיין שטענדיגער קאָמפּאַניאָן. מיר פלעגען שפּאַצירען צוזאַמען דורך די גאַסען פון בערלין, וואו ער פלעגט זיך צו אַלץ נייגיעריג צוקוקען און צו אַלץ נייגיעריג איינהערען. און ווען מיר פלעגען קומען אַהיים, פלעגט ער מיט מיר נעהמען ריידען — און ריידען פיעל פלעגט ער בלויז מיט מיר, אין הויז איז ער געווען געוועהנליך געווען שווייגעדיג און קאַרג אין ווערטער — פון די קלאַנגען וועלכע זיין קליין אויער'ל האָט אַריינגעטרונקען אויף אונזער שפּאַציר, פון דעם רוישען פון די טראַמווייס, דעם שווערען קלאַפּען פון די וועגען, דעם פייפען פון די ווייטע לאָקאָמאָטיוען, דעם טראַמפּעל פון טריט אויף די טראָטואַרען, און אַלע פאַרשיעדענע קולות און מורמלעריען וואָס פלאָנטערען זיך צוזאַמען אויף די גאַסען פון אַ גרויסער שטאָדט, און מישען זיך אויף אין איין מטושטש'ען קנויל פון קולות.

„צוריקקומענדיג פון פארק פלעגט ער פאר מיר ארויס־פעקלען א נייעם אוצר פון קלאנגען, און קיין זאך פלעגט זיך פון זיין אויער ניט באהאלטען. דעם ליכטעסטען שארך פון דעם ווינד אין די צווייגען, דעם קוים־קוים בעמערקבארען פליוסק פון דעם וואסער אויפ'ן ברעג פון דער סאזשוקע, דאס קלאפען פון די שוואנען מיט זייערע ווייסע פליגלען, דאס זשומען פון א בין, דעם איינציגען צוויטשער פון א שנעל פארבייפליהענדען פויגעל — אלין האט ער אין זיך אריינגעזויגען, און ליגענדיג אויף זיין קליינעם בעטעל נעבען מיר — אויף מיין בקשה האט מען איהם איינגעקווארטירט אין מיין צימער — פלעגט ער מיר אויף זיין קינדערישען סטיל פאנאנדערקלייבען פעדעמעל פאר פעדעמעל דאס גאנצע פארוויקעלטע געפלעכט פון טענער וואס ער האט מיטגעבראכט פון זיין שפאציר.

„אבער דאס מערקווירדיגסטע איז געווען, ווי ער פלעגט הערען מיט'ן אויג. איך האב קיינמאל ניט געוואוסט פון אזא מין פעהיגקייט ביז איך האב איינמאל מיט איהם שפאצירט אויסען שטאדט, און מיר האבען ביידע געזעהן איינעם פון די שעהנסטע זונען־אונטערגאנגען אין יענער געגענד.

די מערב־פאלע פונ'ם הימעל איז געווען איבערגעדעקט מיט קליינע ציהאקטע וואלקענדלעך, און איבער זיי און צווישען זיי, און זיך זוימענדיג ארום זיי, האבען זיך

צוגאָסען אַלע מינים פאַרבען וועלכע האָבען זיך געענדערט און אַריינגעפאַלען איינע אין די צווייטע פון מינוט צו מינוט... אָט איז עס געווען ציטראָן קאָליר, אָט קופּער און אָט פּורפּור־רויט, אַזוי ווי דער פלעק וואָס בלייבט נאָך א װאַרעמען קוש...

„אָבער ווען ער האָט גענומען אויסגיסען זיין קינדער־שע התפעלות פאַר מיר, איז דאָס שוין גאָר ניט געווען קיין זונען־אונטערגאַנג, קיין וואָלקען און קיין קאָלירען. דאָס זיינען געווען פלייטען און פיעדעל און טראָמפּייטען־טענער... ישאָפּין׳ס טויטענמאַרש, מיט דער נאַכטיגאַל׳ס קאָלאָראַטור, מיט דעם פאַסטוך׳ס פייפעל־טרעלען...

„דען, ווי איך האָב אייך פריהער געזאָגט, ער האָט געהערט מיט אַלע חושים, און איז געווען די נשמה פון מוזיק.

„מאָנאַטען זיינען פאַרגאַנגען און איך האָב איהם געגעבען דאָס בעסטע וואָס איך האָב געהאַט. און דאַן איז געקומען די צייט ווען איך האָב מעהר זיין רבי ניט געקענט זיין.

„ביסלעכווייז האָבען די קליינע קינדערישע פינגער־לעך גענומען נאָכהאַלטען זיינע פאַנטאַזיעס, ביסלעכווייז האָבען די יונגע מוסקעלען אָנגעהויבען געהאָרכען די קאַפּ־ריזען פון זיין זשעני און ער האָט גענומען ווערען דער מייסטער און דער באַוועלטיגער פון זיין פיעדעל.

„דאָן האָבען מיר איהם געבראַכט פאַר דעם וועלט־בעריהמטען מ... וועלכער האָט איהם פּאַראורטהיילט אויף צוויי יאָהר שטודיום.

„אין די צוויי יאָהר האָט דאָס אינגעל געארבייט פון מאָרגען ביז שפּעט. געריעדט האָט ער מיט מיר וועניג, נאָר שפּיעלען פלעגט ער פאַר מיר. איצט האָט ער די זונגען־אונטערגאַנגען איבערגעגעבען אויף דער פיעדעל. ער האָט געטראַכט אויף דער פיעדעל, און געלעבט בלויז אין שפּיעלען.

„ענדליך איז געקומען דער טאָג אויף וועלכען מיר האָבען מיט אזוי פיעל אינגעדולדיגער האָפענונג געוואַרט, דער טאָג ווען ער האָט געזאָלט אויפטרעטען צום ערשטען מאָל אין שטאָרטיישען קאָנצערט־זאאל, וואו די מוזיק־וועלט דאָט צום ערשטען מאָל אידם געזאָלט קרוינען אלס איהר צוקינפטיגען גרויסען טאָן־מייסטער...“

דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט אַ פּאָאר מאָל אַ ציה געטהאָן זיין ציגאַר ביז ער איז אין גאַנצען געוועזען איינגעשלייערט אין רויך. ווען דער רויך איז צוגאַנגען האָבען מיר געזעהן ווי זיינע פאַר׳חלום׳טע אויגען זיינען געוועזען פייכט און האָבען מאָדנע געגלאַנצט...

— און דאַן ? — האָט דער אונגעדולדיגער זשורנאַליסט זיך ניט געקענט מעהר איינהאַלטען.

דער אַלטער האָט זיך אַ הויב געטהאָן פון זיין שטוהל און אַזוי ווי מיט בעם געענטפערט:

„און דאַן האָבען מענשען צום ערשטען מאָל געזעהן ווי עס לאָזט זיך אראָפּ דער גאַנצער שעהנער הימעל אויס־געפּלאַסטערט מיט שטערען און זונען, נאָהענט צו דער ערד, און טויערען עפענען זיך, און מלאכים מילך־ווייסע, גאָלד־און־שנעע־געפּליגעלטע פּלאַטערען זינגענדיג איבער דער וועלט... און דאַן האָבען אַלע דערפיהלט אַז די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען דורך געזאַנג, און איז אַליין ניט מעהר ווי אַ געזאַנג...

„מינוטען לאַנג איז דער טויזענד־קעפּיגער עולם געזע־סען שטום. נאָך זיינען די נשמות ניט אין די קערפּערס צוריק געקומען, נאָך האָבען זיך די מענשליכע זעעלען אויף מלאכים־פליגעל געהאַנגען... דאַן האָט אַ דונער אויסגעבראָ־כען, דאָס הויכע געוועלב פון טהעאַטער האָט געציטערט און מענער און פרויען האָבען זיך הייזעריג געשריען: „בראַוואָ!“...

„מיט מיה האָב איך און זיין מוטער — קיין פּאָטער האָט ער ניט געהאַט — איהם דורך אַ זייטענטהיר פון טהעאַטער אַרויסגעפיהרט. אַרום אונז האָט אַ ים מיט מענשען געקאָכט. יעדער האָט געוואָלט קוסען כאָטש דעם מאַנטעל־זוים פון דעם קליינעם מלאך, אַ קוק טהאָן כאָטש אויף זיין פּנים, אויף זיינע וואונדער־פינגער.

„אָבער מיר האָבען איהם געוואָלט האָבען פאַר זיך אַליין און מיר האָבען איהם האַלטענדיג אַרויסגעריסען פון דעם געדרענג און אויף דער טראַמוויי אַרויפצוציהען און אהיים צו פאָהרען.“

דער אַלטער איז צוזאַמענגעפאַלען אויף זיין שטיהל. מיט די הענד האָט ער זיין פנים פאַרשטעלט, און מיר אַלע האָבען זיך פאַרקוקט אויף דעם איצט שוין אין גאַנצען בלייך־געוואָרענעם מערב־הימעל.

דער מוזיק־לעהרער האָט די הענד אראָפּגענומען פון זיין געזיכט און האָט זיי פאַרלייגט אויף זיין שויס, און זיין קאָפּ האָט זיך טיעף אַראָפּגעבויגען. מיר האָבען ניט מעהר געקענט זעהן גענוי דעם אויסדרוק פון זיין פנים — דער טונקעלער אבענד איז אַרום אונז געלעגען — אבער זיין שטים איז געווען הייזעריגלעך ווען ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

„וואָס עס האָט דערנאָך פאַסירט קען מען דערצעהלען אין א פּאָאָר ווערטער. מיר זיינען געזעסען צופיעל אין האַבט, צופיעל פיל מיט איהם, איך צו זעהן ווי א האָר איז אנגער־ רימען אונז פון דינטען, און אין דעם געבעטען מאָמענט, איז אונזער גאַנצע לעבענס־פרייד אויף אייביג פאַרשוואונ־ דען... פון אינטער די רעדער האָט מען איהם אַרויסגענומען א פעאַרבלוטיגטען, א פאַרקריפּעלטען...

„און נאָך אין דערזעלבער נאַכט, איידער די בלומען

וועלכע מען האָט איהם צו די פיס געוואָרפען, האָבען וועלקען אָנגעהויבען, האָט מען דעם יונגען פיעדעל־קעניגביידע הענד ארונטערגענומען..."

— און אַ גרויסע קינסטלער־זעעלע איז פארלאָשען געוואָרען — האָט דער פארליעבטער יונגער מאַן צוגעלעגט.

„ניין — האָט דער אלטער געשריען — „ניט פארלאָשען איז זי געוואָרען, נאָר פארלאָרען געוואָרען בלויז פאר דער וועלט. עס איז קיין ילוד אשה ניט מעהר באַשערט געווען צו הערען זיינע טענער. די קליינע עפענונג דורך וועלכע עס פלעגען זיך ארויסגיסען די וועלען פון זיין גרויסען מעלאָדיישען אוקינוס, איז אויף אייביג צוגעמאַכט געוואָרען. אָבער אינעווייניג... דאָרטען האָט עס געקוואָלען שטאַרקער און שטאַרקער.... וואָס אַ טאָג שעהנער און מעלאָדישער.

„גאַנצע טעג פלעגט ער זיצען ביי'ן פענסטער —עס איז געווען אויף אַ הויכען גיבעל־שטיבעל— און געקענט האָט מען זעהן פון דאָרט די רוישיגע גאַסען פון דער שטאָדט און הינטער דער שטאָדט די פעלדער, און הינטער די פעלדער דעם טייך.

„און יעדעס מאָל וואָס איך פלעג צו איהם קומען, פלעגט ער מיר דערצעהלען וואָס ער האָט געשפיעלט...

„און קוקענדיג אין זיינע גרויסע ערנסטע אויגען

האָב איך געוואוסט אַז וואָס ער זאָגט איז אמת... אַז ער האָט טאַקע געשפּיעלט, אָהן הענד געשפּיעלט...

„און תמיד האָט ער מיר געהאַט אַ נייעס צו דערצעה־לען, אַ נייע טעכנישע שוועריגקייט וואָס ער איז בייגעקו־מען, נייע טאָן־עפעקטען, שאַטירונגען פון קלאַנגען אין קייט־באַמערקבאַרע דייכען, וועלכע איהם איז געלונגען פון דער פידעל אַרויסצוגעווינען... און גערעדט האָט ער מיט אַזוי פיעל ענטציקטער איבערצייגונג, און געקוקט האָט ער אויף מיך מיט אַזעלכע שוואַרצע פייערדיגע אייגען, אַז איך האָב געוואוסט אַז עס איז אַזוי.

„און שפּעטער האָט איהם שוין ניט מעהר זיין איינ־געשטודירטער רעפּערטואַר באַגניגענט. זיין מייסטערשאַפט איבער דער פידעל, זיין פאָלקאָמענע ממשלה איבער סמיק און סטרונעס, האָבען איהם געטריבען זיינע אייגענע ביל־דער צו מאָלען, זיינע אייגענע זעהונגען אין קלאַנגען צו קליידען...

„אין טרעמאַס זיינען דאָס געווען, און בילדער זיינען דאָס געווען, וואָס קיינער האָט קיינמאָל אין טענער ניט אויסגעדריקט. אָבער ער האָט זיי אַלע געשפּיעלט... גע־שפּיעלט ווי דער גאָט פון געזאַנג.

„דערצעהלען פלעגט ער זיי מיר, און איך האָב גע־וואוסט אַז וואָס ער דערצעהלט איז אמת...

„אָבער די נשמה איז געווען צו גרויס פאַר זיין קליי־

נעם פאַרקריפּעלטען קערפּער׳ל. טאָג טעגליך זיינען די קליינע בעקעלעך געוואָרען דינער, איינגעצויגענער, דורכ־זיכטיגער, און די אויגען גרעסער, שוואַרצער, גלאַנציגער ביז ער איז ניט מעהר פון זיין בעטעל ארונטער. און דאָס בעטעל האָט מען געמוזט צושטעלען נעבען פענסטער, און געשפּיעלט האָט ער וואָס אַ טאָג שענער, בעגייסטערטער...

„און איין פריהמאָרגען האָבען מיר איהם זיינע שענע גרויסע אויגען צוגעמאַכט...

„און אויפגעהערט צו שפּיעלען האָט דער גרעסטער ווירטואָז וועלכען די וועלט האָט ווען־עס־איז פאַרמאָגט..."

דער אַלטער איז אַנטשוויגען געוואָרען. ארום אונז איז געלעגען די שוואַרצע נאַכט און דער הימעל איז געווען באַשפּריצט מיט שטערען. אַ קאַלט ווינדטעל האָט גע־שושקעט אין די בוימען, אַזוי ווי פאַרטזעצענדיג דעם מוזיק־לעהרער׳ס ספּור.

1909



